# אייזען.

א קליינע אינטימע געזעלשאפט, וואָס איז בעשטאַנען פון פינף מענער אין עלטער פון דרייסיג ביז פינף און דרייסיג יאָהר, האָבען געפיהרט א געשפּרעך וועגען מיסטיציזם, ספּיריטואַליזם און וועגען עהנליכע ענינים פון העכערע מאַטעריען, ביז זיי זיינען ענדליך ארויפגעקומען אויף דער טעמע וועגען דער בעדייטונג פון ווערטער.

איינער פון דער געזעלשאַפט, א הויכער, מאָגערער ברונעט, מיט שוואַרצע ברענענדיגע אבער פערבענקטע אויגען, מיט שוואַרצע לאָקען, צעוואָרפען אין חנ׳עוודיגער אונאָרדנונג אויפ׳ן שטערן, איז ביי דער דאָזיגער טעמע ווי לעבהאַפטער געוואָרען, אונגעדולדיג אויסגעהערט די מיינונגען פון די איבעריגע און געבעטען די ערלויבניש צו דערצעהלען א קורצען עפּיזאָד פון זיין נאָהענטער פערגאַנגענהייט.

— ניט ערוואַרט עפּעס העכסט אינטערעסאַנטעס, — האָט ער אָנגעהויבען אביסעל שעמעוודיג און זיין שטים האָט עטוואָס געציטערט,—דאָס, וואָס איך וויל אייך דערצעהלען, איז א קורצע אונבעדייטענדע פּאַסירונג אין מיין לעבען. די פּאַסירונג אַליין וואָלט שוין לאַנג פערשוואונדען געוואָרען פון מיין זכרון, ווען ניִשט א וואָרט, וועלכעס ליעגט דאָרט אזוי טיעף בעהאַלטען, און הערענדיג דאָס וואָרט פון אנ׳אַנדערן אָדער אַליין דערמאָהנענדיג עס, ווערט מיר מאָדנע באַנג און מיר דאַכט, אז דאָס וואָרט

האט פאר מיר א סימבאלישע בעדייטונג: דאס ווארט איז א י י ז ע ן . . .

— אייזען? האבען די איבעריגע ווי אין איין שטים אויס־געשריען.

און איינער האט צוגעגעבען:

— זעהר אינטערעסאנט: אייזען! דערצעהלט.

— אייזען! האט דער ברונעט געהיימניספול געפליסטערט. זאגט מיר קופער, האט עס פאר מיר קיין בעדייטונג, מעש—א פוסטער קלאנג, בלעך, צין, בליי — אבער אז איהר זאגט מיר אייזען, ווערט מיר אזוי באנג, אזוי טרויעריג.

אבער צו וואס די סענטימענטאליטעט! איך וועל אייך דער־צעהלען. נאר, איך בעט אייך, ערווארט נישט קיין בעזונדערעס. עס איז א נארישע געשיכטע, אדער בעסער — גאר קיין געשיכ־טע נישט.

עס איז געווען מיט פינף יאהר צוריק. איך בין דאמאלסט אלט געווען פינף און צוואנציג יאהר, האב שוין ביז דער דאזי־גער עלטער צוויי מאל געליעבט און יעדע מאל נאריש ענט־טוישט געווארען; איך האב אבער געוואלט ווידער ליעבען און ווידער גענארט ווערען און האב געזוכט ליעבע אין די גרויסע גאסען פון דער גרויסער שטאדט... נאטירליך האב איך געוואוסט, אז ליעבע געפינט מען נישט דאן, ווען מען זוכט זי. די ערשטע צוויי ליעבעס זיינען צופעליג געקומען און צופעליג פערשוואו־מען. אבער בעת דאס הארץ בענקט, קוקט מען נישט אויף חשבונות. דאס הארץ זוכט.

האב איך איינמאל אזוי געבלאנזשעט אין א גרויסער טר־מעלדיגער אידישער גאס, א גאס פון קראמען; ביי די אפענע טירען פון די קראמען זיינען דאס רוב געשטאנען מיידלעך, שעהנע מיידלעך; איך האב זיי אלע אין די אויגען אריינגעקוקט, האטש איך האב געוואוסט, אז עס איז נישט שעהן, נאר ווידער— א הארץ! וויים דען א הארץ צו שעמען זיך! געקוקט אין די

אויגעז פון די פערשידענע יונגע אידישע טעכטער און אלע זיינען מיר געפעלען געווארען און קיינע איז מיר נישט געפעלען גע־ווארען.

ענדליך איז מיין בליק געפאלען אויף צוויי אויגען: צוויי גרויסע, שווארצע, אבער זעהר קאלטע אויגען פון א מיידעל, וואס איז געשטאנען ביי א טיר פון א קראם. איך האב מיך מאמענ־טאל פערקירעוועט צום שוועל. דאס מיידעל איז אריין אין קראם און האט זיך געשטעלט אויף איהר פלאץ, מיך אנגעקוקט און רוהיג און קאלט געפרעגט:

— וואס פערלאנגט איהר?

איך בין געווארען מבולבל; איך האב געווארפען מיינע פערווירטע בליקען איבער'ן קראם און, וואו מיין בליק איז גע־פאלען האט עס געזעהען בלויז אייזען און אייזען... גאט מיינער! א קראם פון אייזען! איך דארף דאך אבסאלוט קיין אייזען נישט האבען... וואס־זשע טהו איך דא אין געוועלב?

— אלזא, וואס פערלאנגט איהר? האט דאס מיידעל ווי־דער רוהיג, אבער שוין שטרענגער געפרעגט.

— אייזען! האב איך אויסגעפראלט...

— אייזען? — האט זי קאלט געשמייכעלט און איהרע שווארצע אויגען האבען ווי מיט אייזען געגלאנצט, — גוט, עס איז א קראם פון אייזען. וואס ברויכט איהר אבער?

איך האב ווידער געווארפען ווילדע בליקען. מיין בליק איז ענדליך געפאלען אויף א האמער, א שווערער האמער, דער שפיץ אביסעל פערראסטעט... איך האב אויסגעפראלט פערווירט:

— א האמער...

— אט אזיי רעדט... איז זי ווייכער געווארען. — א האמ־מער פערשטעהט איך...

האט מיר שמייכלענדיג דערלאנגט דעם האמער.

איהר האט זעלטען־שעהנע אויגען!

— איהר קויפט דאך אייזען... האט זי שטרענג בעמערקט.

— אייזען... אייזען.. האָב איך איהר נאָכגעגעבען... גע־קוקט אין די גרויסע שווארצע אויגען און געפרעגט: וואָס קאָסט אָט דער האמער?

— דער האמער קאָסט נישט פיעל, — האָט זי שוין גאָר ווייך גערעדט, — דער האמער קאָסט דרייסיג קאָפּיקעס...

— טאקי ביליג! — האָב איך אויסגערופען בעגייסטערט... זעהר ביליג...

— נו, טאָ בעצאָהלט און נעהמט עס... איז זי געוואָרען ווידער שטרענג און איהר יעדעם וואָרט האָט געקלונגען דומפּ, ווי אייזען וואָלט זיך אָן אייזען געריבען..

איך האָב ארויסגענומען אן אסיגנאציע, געבעטען א רעשט און דערווייל געקוקט אויף איהרע אויגען..

— אך, מיין גאָט! וואו האָט איהר גענומען אזוינע אוי־גען? האָב איך זי, בשעת זי האָט דאָס געלד געצעהלט, גע־פרעגט...

— איהר דארפט דאָך אייזען... וואָס געהען אייך אָן מיינע אויגען? — האָט זי, דערלאנגענדיג מיר דאָס רעשט, טרוקען געזאָגט, — איינפּאקען אייך דעם האמער?

— פּאקט איין, אודאי... פּאקט איין!

זי האָט קאַלט און רוהיג געוויקעלט דעם האמער, פערבונ־דען איהם מיט א שווארצען פאָדים, דערלאנגט מיר און זי איז ארוים צום טיר...

איך בין ארוים פון קראָם, ווי איך וואָלט די גרעסטע נאַ־רישקייט אָבגעטהאָן... דעם האמער האָב איך געהאלטען אונטע'ן אָרים און ער האָט מיר געקיהלט דאָס בלוט, און דאָך איז מיר געווען אזוי הייס. אין די שלייפען האָט מיר געקלאפּט, פאַר די אויגען האָט מיר געפינטעלט, און דער האמער איז געווען מיר אזוי שווער, אזוי שווער...

איך בין געקומען אין מיין איינזאם צימערל, עס איז שוין

געווען עלף א זייגער אין אָוענד... דעם האמער האָב איך פאר־נאנדערגעפאקט, אוועקלעגעט אויפ'ן טיש און בעטראכט איהם.

אויפ'ן טישעל איז געלעגען א בילד, אן אלט בילד. אמאָל איז עס געווען צוגעשלאָגען צו א וואנד, נאָר די לעצטע צייט האָט עס זיך ארומגעוואלגערט... איך האָב זיך געמאכט פאָרווירפע, וואָס איך בין נישט קיין בעל־הבית, אלץ געהט ביי מיר לאיבוד... און דאָס בילד איז דאָך אזוי שעהן...

יאָ, דאָס בילד וועל איך צושלאָגען צו דער וואנד...

— וואר־זשע נעהמט מען פיער טשוועקעלעך?

— טשוועקלעך דארף איך איצט נויטיג האָבען... אה. ווען עס איז ניט אזוי שפּעט, וואָלט איך געלאָפען צו דעם מיידעל פון אייזען... מאָרגען וועל איך גלייך געהן אין קראָם...

אויף מאָרגען בין איך דאָך ניט אזוי גיך געגאנגען. איך האָב מיך געשעמט און אביסעל ווי מורא געהאט — איהרע אויגען. איהרע אויגען, — מיין גאָט! ווי זיי וועלען מיך אָנקוקען...

אָבער אז עס איז פינסטער געוואָרען, בין איך ווי מוטיגער געוואָרען, בין פארביי די קראָם — זי איז ביים טיר ניט גע־וועזן. איך האָב אריינגעקוקט אינווייניג — זי איז געשטאנען ביים פלאץ, וואו מען פערקויפט. זי האָט ווי דערפיהלט מיינע בליקען, האָט מיך אָנגעקוקט און קאלט מיך ערוואַרט.

איך בין אריין.

— וואָס פערלאנגט איהר?

— טשוועקעס...

— דאָס קריגט איהר ביי מיר וויפיעל איהר ווילט... א סך?...

— ניין! נאָר א בילד צוצושלאָגען צו דער וואנד — זעהר א שעהן בילד, ווען איהר קוקט עס אָן.

זי האָט מיך שטרענג אָנגעקוקט און ווידער געפרעגט:

— א סך טשוועקעס?...

— א טוץ... האָט איהר ניט עפּעס שעהנע טשוועקלעך בעגילדטע ?

— ניין; גאנץ געוועהנליכע.

זי האָט מיר ארויסגעשאָטען פון עטליכע קעסטעלעך שווארצע שפּיציגע טשוועקעס. זיי האָבען זיך געשאָטען אזוי קאַלט און הארט אויפ'ן טיש, און איך האָב זיי געקליבען, גע־קוקט אויף זייער מאָס און ענדליך אויסגעקליבען צוועלף טשווע־קעס.

— דריי קאָפּעקען ! — האָט זי זיך אָנגערופען און א געניץ געטהאָן.

— אך, איהר געניצט !... האָב איך זיך בעלעדיגט... איך אינטערעסירט ניט דאָס לייזונג...

— מעהר דארפט איהר גאָרניט ?

— ניין ! האָב איך אָבגעהאקט, גענומען די טשוועקלעך, איינגעוויקעלט אליין אין א שטיקעל פּאַפּיר, געוואָרפען אויף איהר א בליק, נאָכהער אויפ'ן קראָם און ניט קענענדיג אוועק־געהן, האָב איך געפרעגט :

— אויסער אייזענוואַרג האָט איהר גאָר נישט ?...

— בלויז אייזען !.. האָט זי געענטפערט.

איך בין ארויס.

איך בין אוועק אהיים, גענומען דאָס בילד און צוגעשלאָ־גען עס מיט פיער טשוועקלעך צום וואנד. די איבעריגע אכט האָבען זיך יתומדיג געוואַלגערט אויפ'ן טיש.

אלזאָ, דעם האמער מיט די טשוועקלעך האָב איך שטארק נויטיג געהאט, — האָב איך מיך געטרייסט — דאָס בילד איז ווירקליך שעהן, עס הענגט איצט פּונקט קעגענאיבער מיין בעט; איך וועל ליגען, איידער איך ווער אנטשלאָפען, און קו־קען... דאָס בילד איז פּראכטפול...

אבער מאָרגען ? מעהר ווי אייזען געפינט זיך ניט אין קראָם... איך האָב בעטראַכט מיין טיר... אבסאָלוט אהן א בריע־

קעל שלאָס... די ווירטין פערזיכערט אפילו, אז גנב'ענען ווער מען נישט, אָבער ווער קען עס גלויבען... אין צימער ליגען ביי מיר אזוי פיעל נויטיגע פּאַפּירען, און מיין אנצוג איז אויך עפּעס ווערט... דאָס צימער מוז ביי מיר פון היינט אָן זיין פערשלאָסען... אַך, מיין גאָט, ווי אזוי האָב איך עס גאָר ביז היינט צוגעלאָזען אָהן א שלאָס?...

אויף מאָרגען האָב איך קוים דערלעבט, עס זאָל פינסטער ווערען. (זונדערבאר, פאר דער ליכטיגקייט האָב איך ניט געהאט קיין מוט אריינצוגעהן).

דאָס מיידעל איז אין קראָם געשטאַנען אינגאנצען ווי אומגעגאָסען פון אייזען, נאָר די צוויי שווארצע אויגען האָבען קלוג און רוהיג געקוקט אויף מיר און זיך בעוועגט:

— וואָס פערלאַנגט איהר?

— איך ברויך א שלאָס...

— דאָס קריגט איהר ביי מיר...

— איך בעט אייך, — האָב איך ווי וויינענד אויסגערופען... איהר האָט אזוינע זעלטענע אויגען.. און אז ניט קיין שלאָס...

זי האָט מיך קאַלט אָנגעקוקט און געפרעגט:

— ווילט איהר א גרויסען אָדער א קליינעם?...

— א גרויסען, זעהר א גרויסען... מיין צימער געפינט זיך אין א געפעהרליכער גאַס... איהר פערשטעהט... איך מוז האָבען א גוטען שלאָס...

זי האָט מיר דערלאַנגט א גרויסען שווערען שלאָס. איך האָב איהם אהיים געבראַכט און ענטציקט אויסגערופען:

— אָט אזא שלאָס האָב איך ווירקליך געדאַרפט!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ער האָט זיך אָבגעהאקט, אָנגעקוקט די געזעלשאַפט און צוגעגעבען, ווערענדיג שוין אביסעל בלאַס:

— איך וועל אייך לאנג ניט אויפהאלטען, פאר אייך קען זיין די געשיכטע נאריש... אפשר פאר מיר אויך. אבער אין פער־לויף פון א מאנאט צייט האט זיך מיין צימער פערוואנדעלט אין אן אייזען־געשעפט. דארט האט זיך געפונען פון כל המינים: שערעלעך, מעסערס, צוואנגען, שלעסער און שליסלען און צולעצט שטיקער אייזען, סתם שטיקער אייזען...

דאס האב איך זיך אלץ יעדען טאג איינגעקויפט א נייע אייזערנע זאך...

די גאנצע וועלט האט מיר דאמאלס אויסגעזעהן אזוי הארט און קאלט און טרוקען, ווי אייזען. און עד־היום האב איך א גרוים אינטערעס אין אייזען....

ער איז שטיל געבליבען; אין צימער האט געהערשט א מאדנע שטילקייט.

# די גנבה.

די ליעבע מיט פרידען איז געווען צו ענדע. הערמאן האט עם שוין פאראויסגעזעהן מיט א צייט צוריק. די שיידונג, וואס האט געמוזט איין גיכען קומען, האט איהם ניט ערשיטערט ווי די ערשטע שיידונגען, וואס זיינען פארגעקומען מיט פאריגע מיידלעך. הערמאן איז שוין געווען פערהארטעוועט און האט דעם שיידונגס־קלאפ געקענט פערטראגען ווי א העלד. אמת, נאך זיין מיינונג איז פרידע געווען די בעסטע און שעהנסטע פון אלע. אבער הערמאן איז שוין געווען געניט און האט געוואוסט, אז צו געווינען צוריק א פערלארען הארץ איז אונמעגליך. צו וואס זשע זאל ער זיך נאריש מאכען?

ניין! ער איז א מאן און איז גענוג שטארק צו פערטראגען דעם דאזיגען קלאפ. זיין הארץ האט זיך אפילו אביסעל געבונטעוועט און האט איהם געשלעפט נאך אמאל צו איהר, צו דעם בלאנדען, שלאנקען און זיסען מיידעל. דאס הארץ זיינס האט געלעכצט נאך די קושען, אומארמונגען און דריקונגען פון די שעהנע, ווייסע, נאקעטע הענד. אבער הערמאן האט דעם הארץ בעפוילען: רוהיג! און איז צו פרידען מעהר ניט געגאנגען.

גלאט זיך שיידען איז אבער ניט קיין שטייגער. דאס שיידען זיך מוז צוגעהן מיט א געוויסער עטיקעט און צערעמאניע. פרידע האט פון איהם בריעף, פאטאגראפיעס מיט די זיסטע אויפשריפטען און מתנות. פאר די מתנות איז ער גענוג גרויס־מוטיג, זיי זאלען ביי איהר בלייבען. ער וועט זיי אפילו ניט

דערמאָהנען. דאָס ריהרט איהם גאָר ניט אָן. אָבער די בריעף און די פאָטאָגראַפיעס מוז ער צוריק בעקומען...

הערמאַן וויל ניט, אז זיינע געפיהלען, וואָס ער האָט אויסגעדריקט אין די פיעלע בריוועלעך צו איהר, ניט קוקענדיג, וואָס זיי ביידע האָבען געוואוינט אין איין שטאָדט, — הערמאַן וויל ניט, אז די דאָזיגע בריוועלעך זאָלען בלייבען ביי איהר... אויך ניט זיינע פאָטאָגראַפיעס.

געדאכט האָט זיך איהם אָבער, אז ניט אזוי גיך וועט זי עס וועלען אומקעהרען צוריק. אזוינע בריעף, ווי ער האָט איהר געשריבען, בעקומט מען ניט פון יעדען. ער ווייס גוט איהר הויכע מיינונג וועגען זיינע בריעף. ער ווייס אפילו דאָס שעהנע קעסטעלע, אין וועלכען זי האַלט זיי...

זי וועט איהם די בריעף זיכער ניט אומקעהרען...

און כאָטש הערמאַן האָט פון איין זייט בעשלאָסען, אז די וועלט מעג אונטערגעהן, וועט ער די בריעף בעקומען, האָט ער דאָך פון דער אנדער זייט ווי גאָט געבעטען, אז זי זאָל זיך איינשפּארען און די בריעף מיט זיינע בילדער ניט אומקעהרען. ביים צווייטען פאַל וואָלט ער, מעגליך, געהאט די גוטע געלעגענהייט צו קומען צו איהר און מינדליך מיט איהר וועגען דער דאָזיגער אנגעלעגענהייט איבעררײדען:

— די בריעף מוזט איהר מיר, פרידע, אָבגעבען...

— איך קען אייך ניט אָבגעבען...

— פאַרוואָס, פרידע? וועט ער פרעגען און ער זעהט שוין, ווי פרידע ווערט רויט און שטאַמעלט קוים ארויס:

— ווייל איך האָב דיך ליעב, ליעב...

און פאַלט איהם אויפ'ן האַלז און פאַנגט איהם אָן צו קושען...

און פרידע איז צוריק זיינע...

עס איז אָבער ניט געווען, ווי ער האָט זיך פאַרגעשטעלט: אויף זיין קורצען, געקינסטעלטען, קאַלט-געשריבענעם צעטעלע

צו איהר, זי זאָל איהם זיינע בריעף און פאָטאָגראפיעס אבשי־קען, האָט זי איהם נאָך קירצער און נאָך קעלטער געענטפערט, אז עס פרעהט איהר זעהר אומצוקעהרען איהם אלעס, אלעס, וואָס זי האָט פון איהם בעקומען, אבער פאָראויס פאָדערט זי אונבעדינגט, ער זאָל איהר אָבשיקען איהרע אלע בריעף מיט איהר בילד...

איבערלעזענדיג דעם בריעף, האָט ער פערביסען מיט די ליפען און, אויסקרעכצענדיג ווי פון א שווערען וועהטאָג, איז ער צוגעגאנגען צום טשעמאָדאן, וואו אלע איהרע בריעף זיינען געלעגען פערוויקעלט אין דער גרעסטער פאָרזיכטיגקייט, האָט זיי ארויסגענומען און זיי גענומען צעהלען...

— איינס, צוויי, דריי, פיער, פינף...

ער האָט זיי גענומען לעזען. מאנכע האָבען געקלונגען קאלט און הערמאן האָט אין זיי שוין געהערט קלינגען דעם טאָן פון דער צושיידונג... איינינגע האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט א שטארקען געפיהל, און לעזענדיג די דאָזיגע הייסערע בריעף, האָט הערמאן אויף דאָס נייע דורכגעלעבט די ליעבע און האָט די בריעף געדריקט צום הארץ און געקושט...

איבערהויפט האָט פון די פאָר הייסערע בריעף איהם גע־פאקט איינער, וואו פרידע רופט איהם אָן אויבען „מיין גאָל־דענער טרוים"...

אויף דעם דאָזיגען בריעף האָט הערמאן געוואָרפען אן אויג, ווי א קארגער אויף א טייערען דימענט... אין קאָפ איז איהם דורכגעפלויגען א מחשבה...

ער האָט זיך פערשעמט, ווי ער וואָלט געגאנגען טהאָן א גרויס פערברעכען און מען האָט איהם געחאפט, אבער די מחשבה האָט אלץ שטארקער געפאָדערט צו פערווירקליכט ווערען.

„גערענקט זי דען אלע בריעף?" האָט ער זיך בערוהיגט...

„און פון וואנען ווייס איך, אז זי וועט מיך ניט בע׳גנב׳ע־נען?“... האט ער זיך נאך מעהר בערוהיגט... „איך בין זיכער, אז יא... זי וועט גנב׳ענען נאך מעהר ווי אייגעם. איך קען זיי. די חברה“...

ער איז אויפגערעגט און בייז געווארען. געוואלט אבער האט ער, אז זי זאל איהם אויך אזוי בע׳גנב׳ענען. נאר ער האט געפיהלט, אז אין דער דאזיגער הינזיכט איז זי אנשטענדיגער פאר איהם: זי וועט איהם זיכער אבשיקען אלע בריעף, ביז איי־נעם, מיט די פאטאגראפיעס, מיט די מתנות...

יא, זי איז אן אנשטענדיגע מיידעל. און ער?

ער האט זיך געשטארקט, האט פערוויקעלט אלע בריעף— ער וועט זיי אלע אומקעהרען!...

נאר פלוצים האט איהם א געוואלטיגע מאכט נעגעבען א ציה צוריק, צום בריעף פון „גאלדענעם חלום“. ער האט איהם ארויסגענומען פון פעקעל, איהם בעטראכט, און ארומקוקענדיג זיך ווי א גנב, טיעף אריינגעלעגט אין א וועסטען־טאש...

גע׳גנב׳עט דעם „גאלדענעם חלום“! ער וועט איהם קיינ־מאל, קיינמאל ניט אומקעהרען!...

# בעליידיגט א פרוי.

(דערצעהלט פון אַן אונערפאהרענעם)

דאָס איז געווען א מיידעל פון א יאָהר צוויי־און־צוואַנ־ציג. איהר וואוקס איז געווען שלאַנק, און איהר רונד פּנימעל— זעהר חנעוודיג און תמימותדיג. איהרע אויגען — שווארץ און גרויס — האָבען געקוקט ווי מיט א שטילען געבעט, און ווי זיי וואָלטען טיילמאָל געפרעגט: איז עפּעס דאָ שעהנעס אויף דער וועלט? און עס האָט זיך איהר טיילמאָל געוואָלט ענטפערן: אָ, יאָ, עס איז דאָ שעהנעס אויף דער וועלט...

איך בין מיך מודה, אז דאָס ערשטע מאָל דערזעהענדיג זי, האָב איך דערפיהלט א זיסען ציטער אין מיין גאַנצען קערּ־פּער: אָט מיט דעם מיידעל וואָלט כדאי געווען בעקאַנט צו ווערען. איך וואָלט מיך געפיהלט יום־טוב'דיגער, הייליגער, און איבערהויפּט אין א רעגען־טאָג, ווען די טראָפּען פּויקען אזוי מאָנאָטאָן אויף די שויבען, וואָלט אזוי גוט געווען צו זיצען מיט איהר צוזאמען אין צימער און ריידען מיט איהר וועגען שעהנע ערהאבענע זאכען, האלטענדיג דעמאָלט איהר קליינע האנד, מיט די לאַנגע ווייסע פינגערלעך.

און וואָס איהר וואָלט אויף מיר ניט זאָגען, — אין דער דאָזיגער הינזיכט בין איך גראָד געווען א שטיקעל בריה; זע־העהנדיג זי איינמאָל אין טעאטער, וואו מיין פּלאַץ איז גראד געווען נעבען אידען, האָב איך זי, חלילה ניט בכיוון, אָנגעטראָטען אויפ'ן פוס, איך וויים ניט, ווי אזוי עס האָט געקאָנט געשעהן אזא

אונפּאַרזיכטיגקייט פון מיין זייט, ניבער האָט געקענט שולדיג זיין אין דעם די ענגשאַפט אין טעאַטער. מען האָט געשפּיעלט א העכסט מאָדערן שטיק, און די שטאָדטישע אינטעליגענץ איז אין יענע טעג געווען זעהר מאָדערן געשטימט. איך בין זיכער, אז נאָר דערפאר האָט די אונפּאַרזיכטיגקייט פּאַסירט. זאָנסט וואָלט אזא אונטאַקטישקייט ניט געקענט פּאַסירען פון מיין זייט. צום גליק איז דאָס אָנטרעטען ניט געווען בעזונדערס שטארק; זי האָט נאָר א שטילען „אוי!" ארויסגעלאָזט. דאָך בין איך פערציטערט געבליבען. איך האָב זיך ענטשולדיגט אין דריי שפּראַכען. זי האָט מיך אָנגעקוקט מיט איהרע גרויסע שווארצע אויגען, און געענטפערט אין רוסיש: „ניטשעוואָ!"

אין דערזעלבער מינוט האָט צווישען איין אקט און צווייטען דער אָרקעסטער געשפּיעלט טשייקאָווסקים באַרקאַראָלאַ. נאָר דער „ניטשעוואָ", וואָס איז ארויסגעזאָגט געוואָרען פון איהר קליין שעהן מיילכעל, האָט מיר פיעל זיסער געקלונגען פאר דעם העכסט מוזיקאַלישען שטיק פון געניאַלען קאָמפּאָזיטאָר... איך האָב גלייך דערפיהלט, אז דער „ניטשעוואָ" האָט אין דער אמת'ן א גרויסע, זעהר גרויסע בעדייטונג, און פון דעם „ניטשעוואָ" וועט זיין א גרויסער עטוואָס...

און אזוי איז געווען.

פון קינפטיגען אָנטראַקט האָט פּאַסירט די אלטע געשיכטע מיט דעם אראָפּגעפאלענעם טיכעל. איך האָב מיך שנעל איינגעבויגען און מיט דער העכסטער עלעגאַנץ און אינטעליגענץ אין מיין גאַנצער האַלטונג, איהר דערלאַנגט דאָס טיכעל. דאָס גראַציעזע מיידעל איז געוואָרען טיעף גערירט. זי האָט א זיסען שמייכעל מיר צוגעוואָרפען און בעדאַנקט אין רוסיש: „בלאַגאַדאַריו". עס האָט געהאַט א בעזונדער קלאַנג! ניט מיט ווערטער, נאָר מיט מעלאָדיען וואָלט מען איהם געקענט איבערגעבען. איך וויים ניט פאר וואָס, אבער איך האָב דערפיהלט, אז אָט דאָס מיידעל איז צו מיר

צוגעלאָזט... איך קען האָבען די גרויסע געלעגענהייט מיט איהר בעקאַנט צו ווערען.

און אזוי איז געווען. ביים פיערטען אקט האָב איך שוין געוואוסט איהר נאָמען: קאַטיא גאָלד. אזוי האָט זי געהייסען. מיין נאָמען האָב איך, נאַטירליך, גלייך אויך ענטפלעקט פאַר איהר, און גלייך האָבען מיר זיך צורעדט וועגען ליטעראַ־טור:

— האָט איהר געלעזען אנדרעיעוו?

— אָ, יאָ! — האָב איך אונטערגעכאַפּט. איך בין דער גרעסטער פערעהרער זיינער. איהר מיינט מסתמא — האָב איך מיך צוהיצט — זיין „רויטען געלעכטער"?

— אַך, וואונדערבאר! האָט זי זיך ענטציקט... און „זעקס און צוואַנציג און איינע" גאָרקים?

— אָ, יאָ! גאָרקי איז אויך געוואלדיג גרויס... אבער אנ־דרעיעוו האָט איהם אריבערגעשטיגען.

— און ארציבאַשעוו? — האָט זי פּלוצים אויף מיר אויסגעשטעלט איהרע גרויסע אויגען.

איך האָב פערשעמט אראָבגעלאָזט מיינע אויגען און ניט געוואָלט זאָגען קיין גלייכע מיינונג: צו ריין האָט זי מיר אויסגעוויזען אין יענעם שעהנעם מאָמענט, איך זאָל מיט איהר פערפיהרען א שמועס וועגען ארציבאַשעוו'ן. איך האָב דעם דאָזיגען חנעוודיגען מיידעל ניט געוואָלט געבען אָנצוהערען, אז איך וויים עפּעס פון אזוינע זאַכען.

אָ, איך שעץ זעהר די פרוי!

אין פערלויף פון א וואָך האָב איך זי צופעליג (עס הייסט נאָר צופעליג) עטליכע מאָל בעגעגענט, און אלץ אין אזוינע ערטער, וואו דער פּלאַץ איז בעשטימט פאַר העכערע געגענשטאַנ־דען: איינמאָל אין ביבליאָטעק, א צווייטען מאָל אויף א רעפעראַט וועגען עמיגראַציע, וואו די שעהנסטע אינטעליגענץ פון שטאָדט האָט זיך פערקליבען, און א דריטען מאָל — אויפ'ן פּלאַץ, וואו

מען האָט מיט א האַלבע שעה פריהער געוואָרפען א באָמבע גלאָט אין דער וועלט אריין, און דאָ טאַקי האָב איך מיט איהר פערפיהרט א געשפּרעך וועגען טעראָר:

— איך בין אבסאָלוט קיין אַנהענגער פון טעראָר — האָב איך איהר איינגעוואַרפען. — די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן...

איך האָב ניט דערענדיגט מיין מיינונג, ווייל א פּאָליציאַנט איז צוגעקומען און האָט דעם עולם צוטריבען.

— אך, מיין גאָט! — האָט זי זיך אויפגערעגט, — דער אבסאָלוטיזם איז נאָך אזוי שטארק!... קומט!

און געהענדיג האָבען מיר בעשפּראָכען אנדרעיעווס נייעם ווערק. זי האָט געהאַט וועגען איהם זעהר א הויכע מיינונג. איך בין געוועזן, נאַטירליך, איינשטימיג.

— און „סאַנין“? — האָט זי גאַנץ שטיל א פרעג געטאָן.

— עכטע פּאָרנאָגראַפיע... — האָב איך בייז אויסגעשריען: זאָל זי זעהען, ווי מאָראַליש איך בין.

— וואוהין רעכענט איהר צו געהן איצט, קאַטיא? — האָב איך זי נאָך א קליינער פּויזע געפרעגט.

— איצט? — האָט זי חנעוודיג איבערגעפרעגט — איך רעכען געהן אין ביבליאָטעק.

אך, וואָס פאר א מיידעל דאָס איז, מיין גאָט! — האָב איך זי אין געדאַנק געריהמט, — איך, צום ביישפּיעל, וואָלט נאָר געוואָלט געהן אהיים צו מיר... מיט איהר, נאַטירליך. ווי אזוי לאַדט מען זי אָבער איין? ווי אזוי גיט מען איהר צו פערשטעהן, אז איך מיין ניט קיין בייז... נאָר אָט אזוי... עס איז איצט אין דרויסען הערבסטליך... דער אָווענד איז שוין לאַנג. אָט וואָלט מען געשמועסט...

— ווייסט איהר, קאַטיא, אז איך האָב שעהנע ביכער...— האָב איך ווי פּלוצים איהר געמאָלדען.

— יאָ, ווירקליך? — האָט זי אויסגעשריען...

— אָ, איך האָב זעהר א שעהן ביבליאָטעקעל, — האָב איך בעגייסטערט אויסגערופען.

— האָט איהר אמאָל „איסטאָריא ציוויליזאציאי וו'אנג־ליאי?" — האָט זי מיט ברענענדיגע בליקען געפרעגט.

— אך, מיין גאָט! — האָב איך מיך ווי געחדושט — ווי־דען? דאָס איז איינס פון מיינע טיש־ביכער.

— אויב אזוי, געה איך! — האָט זי ענטציקט זיך אָנ־געכאפּט — וואו וואוינט איהר?

שכור פאר גליק פון איהר איינשטימונג, האָב איך דאָך מיט א געוויסער פאַרזיכטיגקייט פערשוויגען מיין ווייטע וואוינונג.

— איך וואוין אין זעהר א שטילער געגענד...

— איז דאָרטען דאָ ביימער? — האָט זי געפרעגט.

— אך, ווי פּאָעטיש איהר זענט, קאַטיא, — האָב איך פון איהר אָנגעקוואָלען — צום גליק, איז דאָס געסעל, וואו איך וואוין, איינגעטונקט אין ביימער, — עס איז א קריסטליך גע־סעל: איך וואוין טאקי ביי א קריסט... זעהר בעוואוסטזיננינגע קריסטען, זיי לעזען דעם „ריעטש"... אבער איך וואוין גאנץ סע־פּעראט... צווי צימערן... קאָסט ניט טייער...

אויסשיטענדיג אַלעס, האָב איך געציטערט, טאָמער האָב איך איבערגעכאַפּט די מאָס. ערשט אָנקוקענדיג זי, האָב איך מיך בערוהיגט: זי איז וויליג צו געהן צו מיר.

אין הארץ האָט מיר פאר פרייד עפּעס אָנגעהויבען צו זינגען צעהנדליגער מעלאָדיען: זי געהט מיט מיר, זי געהט! זי געהט, דאָס ליעבע, זיסע, פיינע, העכסט אינטעליגענטע מיידעל!

איך האָב געמאכט כללים, ווי אזוי צו האלטען זיך מיט איהר, צופיעל ניט זיין נאָהענט, ניט ארויסווייזען די זינליכע זייט פון מאן: „דארפסט וויסען, — האָב איך זיך אין געדאנק

געלערנט — אז דאָס איז אַ מיידעל מיט די שעהנסטע אידעאַלען, מיט'ן ריינסטען בליק אויפ'ן לעבען; זעה, זיי אַ מענש!"

איך האָב זי אין מיין צימערל אריינגעפיהרט, ווי איך וואָלט אריינגעפיהרט דאָס גליק. שטיל און פאַרזיכטיג. מיין וואוינונג, פון צוויי קליינע צימערן, איז געוועזן ניט בעלויכטען. איך האָב מיך ענטשולדיגט פאר דעם פינסטערניש, און האָב מיך בעמיהט ניט אָנצוריהרען זי. דאָס הארץ האָט מיר שטארק געקלאַפּט!...

איך האָב אויף שנעל אנגעצונדען דעם לאָמפּ. עס איז בעלויכטעט געוואָרען דאָס ערשטע קליינע צימערל. זי האָט עס בעטראַכטעט, געוואָרפען אַ בליק אויפ'ן בעט, און האָט זיך, דאַכט זיך, פערשעמט; איך — זיכער. איך האָב זי אריינגעפיהרט אין צווייטען צימער, וואו עס איז געשטאַנען אַ טישעל, אַ סאָפע און מיין ביבליאָטעקעל. זי האָט זיך גלייך אַ וואָרף געטהאָן צו די ביכער...

— איהר האָט ווירקליך אַ שעהנע ביבליאָטעק! — האָט זי געריהמט, און האָט זיך גענומען בלעטערן אַ בוך נאָך אַ בוך.

— אָך, היינעס האָט איהר אויך! — האָט זי זיך אָנגעהאָפּט מיט פרייד, — איהר וועט מיר עס באָרגען?

— מיט'ן גרעסטען פערגעניגען...

מיר האָבען זיך אוועקגעזעצט אויפ'ן סאָפע און האָבען זיך צורעדט. איך האָב געקוקט אויף דער גאַרדין פון מיין פענסטער, וועלכע איז געוועזן ניט אראָבגעלאָזט. איך וויים ניט פארוואָס, אבער עס האָט מיך שטארק, שטארק געצויגען אראָבצולאָזען די גארדין, צו וואָס?... ווער האָט עס געוואוסט?.. איך האָב אָבער מורא געהאט, זי זאָל מיך חלילה ניט חושד זיין אין שלעכטע געדאנקען... גאָט זאָל מיך אויסהיטען! בעליידיגען אַ פרוי?... אזוינס טו איך ניט...

— וואָס קוקט איהר אזוי אין פענסטער? — האָט זי מיך ענדליך פאַרשענד געפרעגט...

איך בין געבליבען פערציטערט זיצען, און האָב קוים גע־ענטפערט:

— עס דוכט זיך אייך, קאַטיא! איך קוק ניט...

מיר האָבען ווידער גערעדט און גערעדט... אַך, מיין גאָט! עס איז דאָך דאָ וועגען אזוי פיעל אינטערעסאַנטע זאַכען צו ריידען... זי איז אזוי קלוג און בעלעזען, און מיינע מיינונגען, צו מיין גרויסען גליק, אינטערעסירען זי אזוי שטאַרק...

ענדליך האָט זי זיך אזוי ווי אויפגעכאַפּט:

— איך בעט אייך, ווי שפּעט איז איצט?

— איך האָב ארויסגענומען מיין זייגערל פון טאַש און בין געבליבען ווי איבערראַשט: איינס א זייגער! ווי אזוי איז עס אריבער אזוי שנעל.

— איהר וועט גאַרניט גלויבען, ווי שפּעט, — האָב איך געשמייכעלט, און דאָס הארץ האָט מיר שטאַרק געציטערט ביים געדאַנק, אז אָט באַלד געהט דאָס גליק אוועק.

— וויפיעל? — האָט זי געפרעגט.

איך האָב איהר געזאָגט און געוואַרט אויפ'ן איינדרוק.

זי האָט רוהיג אויסגעהערט, און האָט שטיל מיט איהרע קליינע ליפּעלעך א מורמעל געטהאָן:

— ווירקליך שפּעט... צייט צו געהן...

— ווען איך וואָלט געווען א מיידעל, — האָב איך אָנגע־הויבען דיפּלאָמאַטיש — וואָלט איהר שוין דאָ גענעכטיגט...

— זייט איהר דאָך ניט קיין מיידעל... — האָט זי גע־לאַכט...

— צו מיין גרעסטען בעדויערן... — האָב איך מיך גע־וויצעלט, און האָב אייגענטליך אין דער דאָזיגער מינוט זיך געוואונשען צו זיין א מיידעל...

— בעדויערט עס ניט... — האָט זי טרויעריג זיך אָנגע־רופען, און איז געבליבען זיצען — מיר, פרויען, זיינען די אומ־גליקליכסטע בעשעפענישען.

איך בין אזוי גערירט געווארען פון איהר טרויעריגען טאָן, אז איך האָב פערגעסען אָן אלע מיינע כללים. וואָס איך האָב אָבגעמאכט מיט זיך אליין פריהער, ניט צו בעגעהן אזעל־כעס, וואָס קען זי, חלילה, בעליידיגען, האָב זי אָנגענומען פאר דער האנד און זי געטרייסט:

— אך, קאטיא! אין אייך, פרויען איז דאָס אזוינס, וואָס מאכט אייך שעהן און ערהאבען, און פאָלגליך, זייט איהר שוין גליקליך.

זי האָט דערויף גאָר ניט געענטפערט. זי האָט בלויז שטום געקוקט אויף מיר, און ענדליך זיך אָבגערופען:

— איהר וועט גלויבען, אז איך פיהל מיך דאָ גאנץ אנ־גענעהם.

— עס פרעהט מיך זעהר... — האָב איך געשטראהלט פאר גליק — אויב אזוי, פארוואָס זאָלט איהר טאקי ניט בלייבען דאָ נעכטיגען... צוויי צימערן זענען דאָ.. גלויבט מיר...

— אָ, איך האָב ניט קיין מורא... האָט זי געלאכט... — נאָר מיר דאכט, אז ביי אייך איז קאלטליך...

— יאָ, קאלטליך איז, — האָב איך צוגעגעבען, חאָטש מיך האָט געוואָרפען אין היץ — קאלטליך איז טאקי, ס'איז שוין שפעט אין הערבסט, און מען הייצט נאָך דאָ ניט... איך וועל אייך אָבער געבען אויסער מיין קאלדרע אויך מיין מאנטעל...

— און איהר? — האָט זי אזוי גוטהערציג, ווי א שוועס־טער, געפרעגט...

— אָ, פאר מיר זאָרגט ניט, — איך וועל מיך שוין צו־דעקען מיט עפעס אנדערש...

— אלזאָ, בלייב איך טאקי... — האָט זי רוהיג בעשלאָ־סען.

— בלייבט! בלייבט! — האָב איך זי אייננערעדט, ניט גלויבענדיג אליין אין דעם גליק.

* * *

אין א האלבע שעה ארום איז זי שוין געלעגען אין מיין בעט, איינגעדעקט מיט מיין קאָלדרע און מאנטעל.

איך בין געלעגען אין צווייטען צימערל אויף דער סאָפע, צוגעדעקט מיט מיין זומערדיגען מאנטעל, מיט א קליין קישע־לע צוקאָפּענס, און האָב אויף דער וואך געטרוימט פון גרויסע גליקען.

ענדליך האָב איך ניט אויסגעהאלטען און האָב פון מיין צימערל ארויסגערופען:

— קאטיא, איהר שלאָפט?...

— עס איז מיר קאלט... — האָט זי זיך קינדיש געקלאָגט...

ניט מיינענדיג קיין בייז, נאָר פשוט אוים פריינדליכקייט צו איהר, בין איך אראָבגעשפרונגען פון סאָפע, איינגעוויקלענדיג זיך אין מיין צווייטען מאנטעל, בין צו איהר צוגעגאנגען, און שטיל געפליסטערט:

— קאטיא, אייך איז קאלט?

— דעקט מיך צו בעסער! — האָט זי זיך געבעטען.

איך האָב זי גלייך בעסער איבערגעדעקט, איינגעוויקעלט איהרע זיסע פים אין דער קאָלדרע און מאנטעל, און זייענדיג ענטציקט פון דער הייליגער מיסיע, האָב איך מיך ערלויבט נאָר איין קוש טהאָן זי...

— אך, וואס טהוט איהר? — האָט זי שטיל אויסגע־קרעכצט...

איך בין א דערשראָקענער צוריק אוועק צו מיין סאָפע און האָב מיך געלעגט, נישט קענענדיג איינשלאָפען א גאנצע נאכט... „דו האָסט זי בעליידיגט, בעליידיגט!“ — האָב איך מיך גע'מוסרט און דאָס געוויסען האָט מיך א גאנצע נאכט געפלאָגט...

ערשט שפּעט אין טאָג אריין בין איך איינגעשלאָפען... אז איך בין אויפגעשטאנען, איז שוין קאטיא געשטאנען אן אנ־געטאָנענע און האָט זיך געקליבען צו געהן.

— איהר געהט שוין, קאטיא? — האָב איך ווי צוטומעלט אויסגעשריען...

—יאָ, איך מוז שוין געהן!

איך האָב בעמערקט אין איהר שטים א קאלטקייט, און עס האָט מיר זעהר לייד געטהאָן אויפ'ן קוש, וואָס איך האָב איהר געגעבען.

— קאַטיא! — האָב איך גערופען זי בעטענדיג, — ענטשולדיגט מיך! איך האָב קיין בייז ניט געמיינט...

— אך, לאָזט מיך צורוה! — האָט זי זיך ווי געבייזערט... איך דארף געהן.

און דערלאַנגענדיג מיר די האַנד, האָט זי געזאָגט שמייכלענדיג שוין:

— נו, אַדיע! א דאנק פאר נאכטלעגער! און איז ארויס.

איך בין געבליבען אליין און האָב מיך ווידער גענומען מוסרן:

— אז א מיידעל פערטרויט זיך דיר און בלייבט ביי דיר נעכטיגען, דארף מען נישט זיין גראָב, און מען קושט זי נישט...

נאָר דאָס אָבגעטאָנענע קען מען צוריק נישט כאַפּען...

די תשובה קומט אלע מאָל שפּעט...

---

אין א פּאָר וואָכען ארום האָב איך זי בעגעגענט שפּאַצירען מיט מיינעם א פריינד; איך האָב זי שוואך בעגריסט און בין א פערשעמטער אוועק, נישט אָבשטעלענדיג זיך.

איך האָב אָבער בעשלאָסען צו געפינען מיין פריינד און אויסדערצעהלען איהם מיין הארץ.

אויף מאָרגען בין איך צו איהם אוועק:

— קענסט קאַטיען?... — האָב איך איהם פאַרשענר געפרעגט.

— אָ, יאָ! — האָט ער מיט א געוויסען שטאָלץ געענט־פערט, — זעהר א וואויל מיידעל... דאכט זיך, דיינע אויך א בעקאנטע?...

— יאָ, א שטיקעל בעקאנטע...

איך האָב איהם פאַרשעמט אָנגעקוקט און בעשלאָסען אגים־צודערצעהלען איהם מיין הארץ. און איך האָב איהם אלץ דער־צעהלט, ענדיגענדיג מיט די ווערטער:

— אמת, איך האָב זי בעליידיגט?...

— נאַטירליך... — האָט ער געשמייכעלט, און נאָכהער האָט ער זיך אָנגערופען:

— שוטה, א יונג מיידעל בלייבט ביי דיר נעכטיגען, קומסטו אָב מיט איין קוש... זי איז דאָך א פרוי, פערשטעהסט, א פרוי... לאָזטו זי איינע אליין א גאנצער נאכט... איינע אליין... דאָס איז איינע פון די גרעסטע בעליידיגונגען.

— אָך, מיין גאָט, דו מיינסט עס ערנסט? — האָב איך מיך אָנגעכאפּט ווי זיך אויסניכטערנדיג.

— ערנסט... ערנסט... דו האסט זי ווירקליך בעליידיגט, און דערפאר איז זי אזוי בייז....

און ארויפלעגענדיג די האנד אויפ׳ן אקסעל, האָט ער לאַ־כענדיג געזאָגט:

— א צווייטען מאָל זיי פאָרזיכטיגער: זאָלסט די פרוי נישט בעליידיגען...

# שכנים.

דאָס ערשטע ליעד פון דעם יונגען דיכטער איז ערשיענען אין א קליינעם ליטעראַרישען זאַמעלבוך. דאָס איז געווען א קליין ליעבע־ליעדעל, חאָטש דער יונגער דיכטער האָט נאָך דע־מאָלט קיינעם נישט געליעבט. די ליעבע האָט ער נאָר געזעהן אין דער פאַנטאַזיע. דערפאַר טאַקי איז דאָס ליעד אַזוי שטאַרק גע־ווען און האָט געמאַכט ערשיטערן יעדען לעזער מיט איהר טרויי־עריג־קלינגענדיגען טאָן.

דאָס זאַמעלביכעל איז ערשיענען ווייט פון דעם אָרט, וואו דער דיכטער האָט זיך געפונען, און קיין איינציגען מיטאַרביי־טער פון בוך האָט ער פּערזענליך נישט געקענט. דאָך האָט ער לויט'ן אינהאַלט פון יעדען אַרטיקעל, פון יעדען ליעדעל, פון יעדער ערצעהלונג און אַפילו לויט די בוכשטאַבען פון יעדער אונ־טערשריפט, זיך פאָרגעשטעלט די געשטאַלט פון יעדען שרייבער און דיכטער.

און אַזוי האָט ער פאַר זיינע אויגען געזעהן קאָלעגען אַלטע און יונגע, גליקליכע און אומגליקליכע, פריילעכע און טרויעריגע. אָבער נישט די אַלע האָבען איהם אינטערעסירט. דער יונגען דיכטערס האַרץ האָט געפאַנגען דער נאָמען פון א שריפטשטע־לערין, וואָס האָט אין זאַמעלביכעל געוואוינט וויזאַווי מיט איהם. זיין ליעד איז געווען אויפ'ן זעלבען בלאַט, אויף וועלכען איהר ערצעהלונג האָט זיך געענדיגט, אַזוי אַז ווען דאָס בוך איז געווען פערמאַכט האָבען זיי זיך געקושט... דאָס האָט געזאָלט

זיין זעהר א יונג, שעהן מיידעל... לויט'ן אינהאלט פון דער ערצעהלונג און לויט די בוכשטאבען פון איהר נאָמען האָט זי געהאט בלאָהע אויגען, גאָלדענע לאָקען, שלאנק ווי א גאזעל און א שטימע ווי פון א הארפע...

וואו געפינט זיך אבער דאָס דאָזיגע שעהנע מיידעל? ער וואָלט אויסגעפאָהרען די גאנצע וועלט און זי געזוכט, און ווי גרויס וואָלט געוועז זיין גליק, ווען ער וואָלט זי געפונען...

זי וואָלט איהם זיכער פריינדליך עמפפאנגען: זיין ליעד איז דאך אזוי שעהן... אלעמען געפעלט זי, בפרט איהר, וואָס זי איז דאך די אמת'ע מבינ'טע... זי, זיין נאָהענטע שכנה און זיין ווייטע געליעבטע...

עס זיינען פערגאנגען א פאָר יאָהר. דעם יונגען דיכטער איז די שטאָדט, וואו ער האָט זיך געפונען, ענג געוואָרען און אָט האָט ער זיך געלאָזען אין דער גרויסער וועלט אריין.

ער איז געקומען אין דער רעזידענץ־שטאָדט, טאקע אין דערזעלבער שטאָדט, וואָס דאָס זאמעלבוך מיט זיין ערשטען ליעד איז דאָרט ערשיענען. אך, אין דער דאָזיגער שטאָדט קען ער געפינען דאָס מיידעל מיט די בלאָהע אויגען און גאָלדענע לאָקען... דאָס מיידעל, וועלכעס איז איהם די גאנצע צייט אזוי נאָהענט געוועזן, וואָס מיט איהר נאָמען האָט זיך זיין נאָמען אזוי שטארק צוזאמענגעהעפט אין בוך אויף איין בלאַט...

ער וועט זי אויפזוכען, די גאָלד־געלאָקטע שכנה זיינע, די שלאנקע, די לאָבענדיגע, וואָס איהר קול קלינגט ווי א הארפע... ער וועט זי זיכער ליעב האָבען...

און די ערשטע טעג, געפינענדיג זיך אין א קרייז פון יונגערע און עלטערע ליטעראטען, שריפשטעלער און דיכטער, האָט ער ביי איינעם מיט א קלאָפענדיג הארץ געפרעגט:

— קענט איהר מיר נישט זאָגען, ווער איז די יעניגע, וואָס האָט געדרוקט איהר ערשט ווערק אין דעם בוך?...

און דער דיכטער האָט אָנגערופען דעם נאָמען פון זאמעל־בוך און פון דער שריפטשטעלעריין.

דער געפרעגטער האט א שמייכעל געטהאן און, צורופענ־דיג א מאן אין די מיטעלע יאָהרען, מיט שיטערע האָהר אויפ׳ן קאָפּ און גראָהע אויגען, האָט ער צו יענעם זיך אָנגערופען:

— א יונגער דיכטער וויל זיך מיט דיר בעקענען... ער האט דיך געלעזען, ווען דו האָסט נאָך געהאט א ווייבערשען נאָמען...

— זעהר אנגענעהם! — האָט דער מאן אויסגעצויגען אַ קאַלטע ביינערנע האנד דעם דיכטער...

דער דיכטער האָט מיט שרעק קוים אָנגעריהרט די שפּיץ פינגער און קוים אויסגעשטאמעלט:

— דאָס זענט איהר! מיין גאָט... א מאן!...

און איז פערשוואונדען...

# דער מויז אין "רענעסאנס".

דער איינגענטימער פון קאבארעט „רענעסאנס" איז ערנסט קראנק געווארען.

די ידיעה איז אנגעקומען אין גרויסען זאל „רענעסאנס" א זייגער צוועלף ביינאכט, ווען דער עולם איז נאך נישט געווען איינגאנצען.

דער שותף, האוועלע, א מאן פון א יאהר פינף־און־פערציג, מיט איינגעפאלענע באקען און א לייכטען פליק אויפ'ן האלב־ווייסען קאפ, האט די ידיעה אויפגענומען מיט א שמייכעל:

— מסתמא האט ער זיך צופיעל איבערגעליעבט.. עס וואלט איהם שוין צייט געווען אבצורוהען...

און גלייך איז ער צוגעגאנגען צו דער שעהנער ראזאלדע, א שפאנישע טענצערין, וואס רעדט געלויפיג אידיש, און האט איהר מיט א שמייכעל געמאלדען:

— אונזער העררר איז קראנק.

— אזוי? — האט זי גאנץ נאאיוו געפרעגט, און האט זיך געכאפט מיט א האנד פאר דער ענטבלויזטער ברוסט, — א שאד!

נאר באלד האט זי זיך ערמונטערט:

— ער וועט געזונד זיין, אונזער העררר. ער איז א וואוילער קערל.

זי איז אריין אין דער אונטערשטער לאזשע, וואו עס איז געזעסען א יונגער דראגונער־אפיציר און, שוין האלב־שכור'ליך,

האט ער געגלעט די ווייסע הענטלעך פון דער בלאנדער וויענער סוברעטין.

— אונזער הערר איז קראנק, — האט זי אויינגעווארפען.

— פגר'ט ער אוועק! — האט דער אפיציר אויסגעשריען לוסטיג און האט די טענצערין אוועקגעזעצט נעבען זיך, און האט פער'שכור'ט געבעטען: טרינקט מיט אונז!...

— טרינקען? — האט זיך די טענצערין ווי פערטראכט... עס ווילט זיך היינט עפעס נישט טרינקען. א מאדנע זאך!

— איהר וועט היינט האבען א מפלה ביים טאנצען, — האט דער אפיציר איהר נביאות געזאגט, — איהר הערט! איהר וועט זיך אויסגליטשען און וועט א פוס צוברעכען.

די שפאנישע טענצערין, זייענדיג זעהר אבערגלויביג, האט זיך דערשראקען פאר דער נביאות און, א קלאפ טוענדיג איהם איבער דער האנד, האט זי געווארענט:

— רעדט נישט קיין נארישקייטען!

און זי האט אויסגעטרונקען א גלעזעל שאמפאניער און נאכדעם צוגעגעבען:

— ווי מיינט איהר, וועט אונזער פערוואלטער געזונד ווע־רען?

— פגר'ט ער! — האט זיך דער אפיציר געהאלטען ביי זיינס.

---

א זייגער איינס איז דער קאבארעט „רענעסאנס“ איבערפולט געווארען מיט געסט. אלע קליינע טישלעך זיינען געווען בע־זעצט מיט פארלעך פון פערשידענער עלטער און שטאנד. ביי מאנכע טישלעך האט מען געקענט זעהן אלטע לייט מיט הוילע קעפ, די עטליכע איבערגעבליבענע האהר עקאנאמיש צושפרייט אויפ'ן ווייסען שארבען, זיצען מיט אכצעהן־יעהריגע מיידלעך מיט שווארצע געדיכטע לאקען. דא שפיעלט די צאהל יאהרען קיין ראלע נישט, ווייל דער אלטער לאכט דא פונקט אזוי ווי

דאס יונגע מיידעל. און געדאכט האט זיך, אז די מיידלעך פער־קויפען נישט נור זייער לייב, נאר אויך זייער יוגענד, און שענ־קען אוועק פאר די עטליכע רובעל אויך א טייל פון זייערע יאהרען...

אין די ברייטע דורכגאנגען האבען ארומשפאצירט רייכע עפענטליכע פרויען. אויף זייערע ענטבלויזטע בוזימס און גאנץ נאקעטע הענד האבען געפינקעלט בריליאנטען און דימענטען. זיי האבען קאקעטיש זיך דורכגעווארפען מיט ווערטלעך מיט מאנבע בעקאנטע העררען, וואס זיינען שוין, לניידער, געווען פערנומען מיט אנדערע, און האבען געווארט אויף דער רייהע.

נאר אט האט מען אויף דער רעכטער זייט פון דער עס־טראדע געוויזען אין עלעקטרישען פייער די „נומער צעהן". די יעניגע פון פובליקום, וואס האבען געקענט די נומער, האבען אנגעהויבען מיט גרוים התלהבות צו פאטשען און אויסצו־שרייען: טאמפסאן, סערוועסקאיא! דאס האבען זיי מקבל פנים געווען דאס לוסטיגע פארעל, וואס איז בעשטאנען פון א יונגער מיט זיין ווייסער פרוי. מיט פרעהליכע געזיכטער האבען זיי ביידע אריינגעטאנצט אויף דער סצענע און אנגעהויבען ווארפען מיט די פיס און אויסארבייטען פערשידענע ווארי־אציעס, דרעהענדיג זיך ווי א וויכער איבער דער סצענע.

אין דערזעלבער מינוט איז אריינגעלאפען אין זאל א פרוי פון א יאהר פינף־און־פערציג, רייך געקלייט, מיט צושויבערטע האהר, און האט מיט ווילדע בליקען געזוכט דעם שותף, האווע־לען.

דערזעהענדיג איהם שטעהן מיט א שאנסאנעטין, האט זי איהם בייז אבגעשטופט און ווילד אויסגעשריען:

— שטעלט אב! ער איז געשטארבען... שטעלט אב!

דער שותף, האוועלע, האט א פיהר געטהאן מיט דער האנד איבער׳ן פליבעוואטען קאפ און רוהיג בעמערקט:

— אונמעגליך... זיי זיינען אלע שכור..

— ער איז געשטארבען! שטעלט אב! — האט דעם פער־וואלטערס פרוי געשריען.

— מען קען נישט! מען קען נישט! — האט דער שותף איהר רוהיג ערקלעהרט, — זיי זיינען אלע טויט־שכור...

די פרוי האט געווארפען פערצווייפעלטע בליקען אויפ'ן פובליקום, אויף דער סצענע... זי האט זיך א ווארף געטהאן אויף א טישעל און האט אויסגעשריען:

— אהיים! ער איז געשטארבען!

ראזאלדע, די אידיש־שפאנישע טענצערין, וועלכע איז א בעטרונקענע ביים טישעל געזעסען, האט לוסטיג אויסגערופען:

— זעהט, ווי שעהן אונזער פערוואלטערין איז! וואו איז דער פערוואלטער? לאז ער קומען! — האט זי געלאכט, — איך האב איהם ליעב, ער איז א וואוילער קערל...

— ער איז געשטארבען! — האט די פרוי מיט ווילד אויס־געגלאצטע אויגען געשריען, — ער איז געשטארבען... איהר פערשטעהט — ער איז געשטארבען!...

— אך, וואס דרעהט איהר א קאפ? — האט א הערר פון די, וואס זיינען געזעסען ביים טישעל מיט ראזאלדען, פער־שכור'ט געבייזערט זיך, — וואס געשטארבען, ווען געשטאר־בען... אט קוקט בעסער, ווי מען טאנצט...

— געשטארבען, זאל איך אזוי... — די פרוי האט נישט געקענט געפונען קיין ווערטער, ווי אזוי צו ערקלערען זיי. זי איז אומגעלאפען פון טישעל צו טישעל, פון לאזשע צו לאזשע; זי האט געוויינט, זיך געבעטען, נאר קיינער האט נישט פער־שטאנען, וואס זי וויל, וואס זי וויינט.

אז אלטער גענעראל, ביי וועלכען זי האט געהאפט געפינען אן ענטפער אויף איהר בקשה, האט, א פער'שכור'טער, זי א גלעט געטהאן ביים האלז און קינדיש־נאאיוו געפרעגט:

— וואָס זאָגסטו, טייבעלע? געשטארבען? הא? נע־שטאָרבען? — וואָס איז דאָס געשטאָרבען?

און ער האָט זי גוטמוטיג אוועקגעזעצט נעבען זיך און מכבד געווען מיט א באָקאל שאמפאניער...

## ביכער.

זי איז געווען הויך, שלאנק און שעהן, איבערהויפט — שעהן! אויסער איהר שעהנקייט האט זי געהאט א בעזונדער צו־ציהונגסקראפט. און וואס איז עס בעשטאנען, איז געווען שווער צו בעשטימען: צי אין ליעבען, איינגעהאלטענעם שמייכעל, אין די פיינע מאנירען, אין קלינגענדען העלען קול?

הויך און שלאנק און שעהן — האט זי אויסגעזעהען מא־יעסטעטיש. אבוואהל זי האט זיך געהאלטען איינפאך, האט דאך קיינער פון איהרע פיעלע פערעהרער נישט געוואגט ארויסווייזען איהר א צייכען פון צו נאהענטער בעציהונג. א מעהר דרייס־טער פערעהרער פלעגט נאר, אין בעזונדערע מינוטען פון ענט־ציקען, אויף איהר ווארפען א דרינגענדען בליק, אויף וואס זי פלעגט ענטפערן צוריק מיט א שטרענגען, שטומען פארוואורף, ווי זי וואלט מיט דעם געוואלט ווארנען:

— אזוי קוקט מען נישט.

אין איהר אנוועזענהייט האט דער סאמע דרייסטער יונ־גערמאן פערלארען זיין דרייסטקייט, און דער גרעסטער דאן־זשואן פלעגט נישט וואגען איהר מאכען א קאמפלימענט, זא־גאר קיין וואונק אויף א קאמפלימענט.

זי איז געווען געבילדעט, און אין איהר אנוועזענהייט האט מען גערעדט וועגען ליטעראטור, קונסט און טעאטער, מאנכמאל אויך וועגען פאליטיק. האטש זי איז געווען ראדיקאל געשטימט, האבען דאך די פאליטישע און פילאזאפישע געשפרעכען, וואס

פלעגען פאַרקומען אין איהר צימער, נישט געטראָגען קיין היציגען כאראקטער. עס איז געווען מעהר קאַבינעט־געשפּרעך איידער דעבאטען, אָדער דיסקוסיאָנען. איהר אנוועזענהייט האָט רוהיג און געמטליך געשטימט די געסט.

ווי געזאָגט, האָט זי געהאט פיעל פערעהרער און בעקאנטע. דער גרעסטער טייל האָבען זי טיעף און ריהרענד געליעבט. מאנכע פון זיי האָבען זייערע ליעבעס־געפיהלען אין ליעדער אויסגעדריקט. טייל ליעדער, אין א זעהר רוהיגען טאָן געשריבען, פלעגען איהר די פערעהרער אין איהר אלבום אריינטראגען. אָבער ווייטער פון דעם איז קיין פערעהרער און פערליעבטער נישט געגאנגען — איהר האלטען זיך מיט יעדען פון זיי איז געווען אזא, וואָס האָט נישט געמאכט קיין וועג צוצוטרעטען נעהענטער צו איהר. איהר שלאנקע פיגור, איהר גאָלדענע, אין דער אויפמערקזאמסטער אָרדנונג פערקעמטע, פריזור, האָט ווי געוואָרענט: נאָר נישט צו נאָהענט! און ווירקליך איז קיין מעגליכקייט געווען צוצוגעהן נאָהענט צו איהר. עס האָט זיך געדאכט, אז ווען מען זאָל זי נאָר איין קוש געבען, וואָלט פאַרגעקומען דאָס גרעסטע וואונדער אין דער גאנצער אָרדנונג פון דער וועלט.

יעדען יאָהר האָט זי געפייערט איהר געבורטסטאג. די פערעהרער האָבען איהם צום אָנדענקען ביכער געשענקט; ביכער — וואו עס דערצעהלט זיך און וואו עס ווערט בעזונגען די ליעבע, און די לוסט, און די פרייד פון לעבען. די דאָזיגע ביכער האָט זי געהיט און טייער געהאלטען מעהר פון אלץ. אין פערלויף פון עטליכע יאָהר האָט זיך ביי איהר אָנגעזאמעלט א גרויסע ביבליאָטעק פון אזוינע ביכער. זיי זיינען געווען אויסגעלעגט אין דער גרעסטער אָרדנונג אין א שעהנער עטאזשערקע און האָבען פון דאָרט ערנסט ארויסגעקוקט און געהיט די אייגענטימערין פון אלדאָס ביין.

די יאָהרען זיינען שטיל און אָרטיג, ווי איהר לעבען, גע־פּלאָסען. אומבעמערקט פאַר איהר, זיינען די פערעהערער וועניגער געוואָרען. זי האָט דאָס צוגעשריבען דער נייער צייט, וועלכע איז נישט מסוגל פאַר אַזוינע רוהיגע אָנגענעהמע צוזאַמענקונפ־טען, ווי אין די פריהערדיגע פאַר יאָהר. זי האָט דאָס בעדויערט, אָבער נישט חושד געווען, אַז שולדיג אין דעם איז איהר הערבסט...

איהר געבורטסטאָג האָט זי נאָך אַלץ געפייערט, אָבער שוין אָהן אַזאַ אינהאַלט ווי אַמאָל. די פּאָר ביכער, וואָס זי האָט בע־קומען צום לעצטען געבורטסטאג, זיינען געווען קליין און דאַר אינערליך און אויסערליך. זי האָט זיי אוועקגעלעגט גאַנץ הינ־טען אין דער עטאַזשערקע און האָט בעזונדערס פריינדליך צו איינעם פון די געסט זיך געווענדעט:

— איך וואָלט איצט וועלען ערגיץ געהן!

פון די עטליכע האָט זיך נאָר איין גאַסט אָבגערופען:

— קומט אַביסעל.

די איבעריגע האָבען געזאָגט, אַז זיי זיינען פערנומען און האָבען קאַלט אָבשייד גענומען.

דעם איינעם האָט זי אויף דער גאַס גענומען אונטערן אָרים און ליעב אַריינגעקוקט אין די אויגען.

ער האָט איהר אָבגעענטפערט מיט׳ן זעלבען בליק. זי אָבער האָט זיך בעליידיגט און אינסטינקטיוו איהר האַנד אַרויסגעצויגען.

זי האָט אַ ווײַלע געשוויגען. ענדליך האָט זי אויפגעהויבען די אויגען צום הימעל, און דערזעהענדיג אַראָבקויקלען זיך פון דאָרט אַ שטערן, האָט זי ווי פערוואונדערט אויסגערופען:

— אַך, ווי ער איז אַראָבגעפאַלען, דער שטערן!

— און פערלאָשען געוואָרען! — האָט דער אַמאָליגער פערעהרער צוגעגעבען.

עס איז געווען אַ ווינטער־אָוונט. דער ווינט האָט אין פענסטער געקלאַפּט און ווי עפּעס דערצעהלט און געמאַהנט. דיין געבורטסטאָג און קיינער איז ניט געקומען!

עס איז איהר געוואָרען טרויעריג און באַנג. זי האָט אַרויס־גענומען אַ בוך פון די געשענקטע צו די געבורטסטעג איהרע און גענומען לעזען.

דאָס בוך האָט גערעדט פון זומער־נעכט, קושען און ליע־בע.

זי האָט דורשטיג געשלונגען יעדעס וואָרט.

און דער ווינד האָט דורכ'ן פענסטער געלאַכט און גע־לאַכט:

— דו האָסט דערפון נישט געוואוסט, נישט געוואוסט!

און זי האָט זיך געשעמט פאַר דעם בוך, האָט עס פערמאַכט און קוקענדיג אויף דער עטאַזשערקע ביכער, האָט זי געטראַכט:

— מעהר ווי דאָס האָט מיר מיין שעהנהייט נישט געגע־בען...

מיט אַ לייכטער אויפרעגונג, האָט זי זיך אָנגעצויגען און זיך געקליבען געהן ערגיץ — געהן צום לעבען מיט אַ בעזוך... די נאַכט איז אָבער קאַלט און פינסטער געווען, און זי האָט זיך אויסגעטאָן און זיך גענומען מיט אַ זיפץ צוריק צום בוך.

# די צווייטע ראזע.

האָבענדיג א קאָפּ מיט געדיכטע שווארצע האָר, צוויי שווארצע אויסדרוקספולע אויגען, אַן אנגענעהמע שטימע און עטליכע שעהנע פראזען, האָט הערמאַן געהאַט גליק ביי פרויען. נאָכדעם, ווי ער האָט זיך פערלאָזט א קליין בערדיל, וואָס האָט ארומגעפאסט זיין ווייס געזיכט, האָבען פיעל בעקאַנטע מיידלעך געשוואָרען, אז ער זעהט אויס, ווי אַן אמת'ער קריסטוס. און אזוי ווי די מיידלעך זיינען אלע געווען פאָרטגעשריטענע איז דאָס געווען דער גרעסטער לויב פאר א מאַן... פיעל מיידלעך פון די פּאָרטגעשריטענע, ווי קורסיסטקעס, דענטיסטקעס און סתם שטודירענדע, וועלכע האָבען זיך אלע געצויגען פאר דער פּראָווינץ קיין ווארשוי, זיינען מיט הערמאַנען געווען בעקאַנט און דאָס רוב פון זיי זיינען געווען אין איהם פערליעבט מיט דער סאמע הייסער ליעבע, וואָס מען ברענגט פון דער פּראָווינץ אראָב קיין ווארשוי. הערמאַן אליין, האָבענדיג א היבשען זאַפּאַס גע־ליעבטע, האָט דאָך געקארגט און פלעגט זיך פערליעבען פון צייט צו צייט נאָר אין איינער. ערשטענס, איז ער געווען אביסעל בעשעפטיגט מיט לעקציעס און צווייטענס, איז ער געווען א מאַ־ראליסט... זענענדיג פערליעבט אין איינער איז ער איהר געווען שטארק טריי און איבערגעגעבען און פלעגט איהר שווערען הייסע ליעבע און קושענדיג זי ליידענשאפטליך, האָט ער געהאַט א טבע צו רופען די געליעבטע ביים נאָמען.

און אט די דאזיגע געוועהנהייט האט איהם פערשאפט א ביסעל אונאנגענעהמליכקייטען. האבענדיג געביטען אין פערלויף פון א יאהר עטליכע געליעבטע, פלעגט ער זיך טועה זיין אין די נעמען און קושענדיג בערטע'ן פלעגט ער רופען דעם נאמען פון דער פאריגער געליעבטע. די נייע געליעבטע פלעגט זיך אויפכאפען פון צויבער, אבהאקען איהם די קושען און פלעגט בייז און פערדריסליך איבערפרעגען.

— ווי אזוי האסטו מיך גערופען?

—אך, מיין גאט! — פלעגט זיך הערמאן פערענטפערן.

— איך קאן בשום אופן ניט פערגעסען מיין שוועסטער.

— אזוי — דאס איז דיינע א שוועסטער — עפעס אן אינטערעסאנטע מיידעל? פלעגט די געליעבטע פרעגען און ווידער ערלויבען זי צו קושען.

איינע פון הערמאנ'ס לעצטע ליעבעס איז געווען א יונג מיידעל — ראזע. די ליעבע איז געווען די שטארקסטע און ערנסטסטע, און געצויגען האט זי זיך ביי א האלב יאהר צייט. איהר נאמען האט זיך איהם אזוי שטארק איינגעשניטען אין קאפ, אז די צווייטע געליעבטע נאך איהר — בערטע — האט ער נאכאנאנד ראזע גערופען און חאטש דער תירוץ, אז ראזע איז זיינע א שוועסטער, האט די ערשטע צייט געווירקט, האט אבער בערטע ענדליך אנגעהויבען שטארק חושד זיין, אז ראזע איז אודאי ראזע די דענטיסטקע, צו וועלכער זי האט געהאט א שנאה און בערטע האט נאך יעדען קוש זיך געקוויינקעלט און אז ער פלעגט זי פארט רופען ראזע, פלעגט זי זיך אויפשטעלען און זאגען מיט פארוואורף:

— געה צו ראזע'ן!

אלזא האט די ליעבע מיט בערטע'ן זיך געצויגען א גאנץ קורצע צייט — קנאפע פיער וואכען. און אפילו די פיער וואכען זיינען אויך געווען אהן נחת: הערמאן איז געוועהנט געווען, אז די קושען זאלען געהן, אונגעשטערט, אהן אן איבעררייסונג, אהן

זייטיגע בעמערקונגען. ער האָט זיך אליין בעשולדיגט אין א שוואכען זכרון, גע׳חזר׳ט נאכאנאנד: בערטע! בערטע! ס׳האָט אבער ניט געהאָלפען. ווי אויף צו־להכעיס פלעגט זיך ארויסכאַפּען ביים ערשטען קוש דער נאָמען פון דער פערגאנגענער געליעבטע: ראָזע! און טהו זיך עפּעס.

פאר גרויס עגמת־נפש האָט הערמאַן גאנצע צוויי וואָכען געלעבט אָהן ליעבע. און ווער ווייסט. ווי לאַנג ער וואָלט זיך אָבגערוהט, ווען ער וואָלט זיך אין טעאטער נישט בעקענט מיט א יונג, שעהן מיידעל, וועלכע א פריינד האָט איהם פאָרגעשטעלט, אָנרופענדיג זי ביים לעצטען נאָמען: ראבינאָוויטש!

טרעפענדיג זיך מיט איהר אויף מאָרגען, האָט ער פעסט בעשלאָסען, אז ביי איהר וועט ער שוין קיין טעות ניט מאַכען. ראָזע׳ן האָט ער שוין ערשטענס אין גאנצען פערגעסען און צווייטענס, וועט ער טאקע פון היינט אָן א געליעבטע רופען ניט ביי׳ן נאָמען, נאָר אזוי ליעבליך: מיין טייערע. מיין שטערען! מיין חלום! און דעסגלייכען.

*   *

*

טרעפענדיג זיך מיט פריילין ראבינאָוויטש נאָך עטליכע טעג בעקאנטשאַפט און געבענדיג איהר דעם ערשטען קוש נאָך דער ליעבעס־ערקלעהרונג, האָט ער, פערגעסענדיג אָן אַלץ, וואָס ער האָט אויף זיך גענומען, ווידער ליידענשאַפטליך אויסגערופען:

— מיין ראָזע!

דאָס מיידעל האָט איהם פערוואונדערט אָנגעקוקט:

— פון וואַנען ווייסט איהר מיין פאָר נאָמען?

— וואָס הייסט? איהר הייסט טאקע ראָזע! אח, וואָס פאר א גליק! מיין גאָט!

דאָס מיידעל האָט איהם ניט פערשטאַנען און האָט געדריקט מיט די פּלייצעס!

— וואָס פאר א גליק?

דאן איז הערמאַן געקומען צו זיך און האָט געענטפערט:

— ראָזע! ליעבע ראָזע! וואָס פאר א הערליכער נאָמען!

— אהאָ, אפילו מיין נאָמען געפעלט אייך.

— יאָ, יאָ! דער נאָמען געפעלט מיר זעהר! זעהר! —

האָט הערמאַן ענטציקט גערעדט, קושענדיג זיין נייע געליעבטע און טראַכטענדיג:

— נו, דאנקען גאָט — אבי זי הייסט אויך ראָזע. איצט וועל איך מיך ניט דארפען היטען, און ענטציקט האָט ער זיך צוזונגען:

— ראָזע! ראָזע! ראָזע!

און דאָס מיידעל האָט שטיל, אָבער שטימונגספאָל געפּליסטערט:

— אך, מיין גאָט, ווי שטארק איהר קאָנט ליעבען!

# דאס פאלקס קינד.

(פון דעם טאגע־בוך פון אן אינטעליגענט)

1905 יוני... אויסלאנד.

א שעהנע, א ריינע, א פרישע, א יונגע האט זי צו מיר אין טהיר אנגעקלאפט און איידער איך האב צייט געהאט צו זאגען דעם בעל־הבית'שען „ביטע" איז זי שוין איבער מיין שוועל געשטאנען און האט געשמייכעלט, ווייזענדיג איהרע שעה־נע ווייסע צייהנדלעך.

איך האב זי אנגעקוקט און מיר האט זיך גערדאכט, אז איך האב זי ערגיץ געזעהן. איך האב זי אבער קיינמאל ניט געזעהן. סיידען אין מיין פארשטעלונג, ווען איך האב וועגען שעהנע, ליעבע זעלען געטרוימט.

— דאס זענט איהר טאקי? — האט זי געשמייכעלט שוין ווי פערשעהמט.

— איך!

— מען האט מיך געשיקט טאקי צו אייך...

— אזוי? — האב איך געשטאמעלט און האב שיער ניט ארויסגערעדט: לאנג לעבען זאל יענער, וואס האט מיר אזא שעה־נעם מלאך געשיקט. איך וואלט עס אפשר ארויסגערעדט, נאר זי איז אין גאנצען צו זיך געקומען און האט פריי גענומען ריידען:

— קוים געפונען אייך! כא־כא־כא! קיינער וויים ניט וואו איהר וואוינט. דאכט זיך אזוי בעוואוסט.

איך האב זיך פערשעהמט און האב זיך געסטארעט א וויץ צו זאגען:

— מסתמא דערפאר ווייל איך האב זעלטען א דירה...

— עס קען זיין! — האָט זי זיך דערפרעהט מיט מיין ווייז און האָט זיך צולאַכט מיט אַ ריינעם קלינגענדיגען געלעכ־טער — ביי „אונזערע ברידער“ טרעפט עס אמאָל...

הערענדיג ווי זי נעהמט מיך אריין אין צאָהל פון איהרע ברידער בין איך אויך פרעהליך געוואָרען. לעבענדיג אַלץ צווישען פרעמדע ווילט זיך דאָך האָבען אַזאַ שעהן גוט־שוועסטער'ל...

אין אַ ווייַלע ארום איז זי שוין מיט מיר אַזוי נאָהענט גע־וועזן, אַז איך האָב מיך קוים איינגעהאַלטען איך זאָל איהר „דו“ ניט זאָגען. געוואָלט האָב איך עס זעהר. עס האָט מיר אָבער גע־פעהלט די פרייהייט דערצו. און ניט פרייערהייט זאָגען „דו“ איז עס ניט קיין ליעבליכקייט נאָר אַ בעליידיגונג. און איך וואָלט בעסער מיך לאָזען דעם קאָפּ אראָבנעהמען איידער בעליידיגען אַזאַ ליעבעס וועזען...

זי האָט מיר אַ סך דערצעהלט, דערצעהלט פון די לעצטע פאַסירונגען, פון די קרבנות, דערצעהלט און געשמייכעלט. איך האָב זי אָבער ניט בעשולדיגט אין שלעכט־הערציגקייט. זי קען פּשוט טרויעריג ניט זיין, אַזוי פיעל לעבען האָט זי! און איהר לעבען איז אַזוי שעהן און אַזוי ערהאבען און אַזוי ניצליך...

זאָל זי לאַכען! אַזאַ געלעכטער קען פערטרייבען דעם שאַרפסטען טיעף איינגעגעסענעם טרויער וואָס עס איז אויף פיעלע הערצער אָנגעוואַקסען. מיר איז אוודאי אַזאַ לאַכען נויטיג, אַזאַ לאַכען היילט מיך.

און זי האָט דערצעהלט און געלאַכט, און דערצעהלענדיג און לאַכענדיג האָט זי מיר צייטענווייז ביי'ן קלאַפּע אָנגענומען און גאָר ניט חושד געווען, אַז אונטער דער קלאַפּע שלאָגט מיין האַרץ עפּעס אַזוי מאָדנע; און גאָר ניט חושד געווען, אַז אונטער דער קלאַפּע געפינט זיך אַ האַרץ, וואָס האָט זיך שוין לאַנג פער־בלוטיגט...

און וואָס זי האָט מיר דערצעהלט האָב איך שוין לאַנג אַליין געוואוסט, אין פערשיעדענע צייטונגען געלעזען. איהר אָבער

האָב איך עס ניט געזאָגט. עס איז מיר געווען א שאָד צו איבער־שלאָגן זי. אזוי נתפעל איז זי געווען, אזוי בעגייסטערט האָ־בען איהרע צוויי שווארצע אויגען געפלאמט און מיט שטראה־לען, ממש מיט שטראהלען געשאָסען !...

איך האָב געדארפט זיין א גרויסער נאר צו זאָגען איהר, אז דאָס וויים איך שוין און זי זאָל אויפהערען צו רעדען, צו קלינ־גען ווי א גלעקעלע. אָ, מיר פעהלט נאָר אביסעל גלויבען, גלוי־בען. קיין שכל אָבער נישט... פערקעהרט — צו פיעל האָב איך איהם.

און איך האָב זי טאקע ניט איבערגעשלאָגען, געמאכט א מי־נע, ווי איך הער דאָס דאָס ערשטע מאָל און האָב געשטוינט.

זי האָט געמיינט אז איך האָב געשטוינט פון איהרע ער־צעהלונגען, איך האָב אָבער געשטוינט: וואו נעהמט זיך אזוי פיעל גלויבען, אזא טיעפער קוואל ביי אזא יונג קינד.

— ...האָט דער „בונד" גלייך א פראָקלאמאציע ארויסגעלאָ־זען... מען האָט עס געכאפט פון די הענד... אין מיטען גאס ! אז מען האָט גאָר קיין מורא ניט געהאט ! פאר די פּאָליציי אין די אויגען ! זיי האָבען זיך בעהאלטען... כאַ—כאַ—כאַ !

און אין די פּראָקלאמאציעס גלויבט זי ווי אין דער תורה און אין „בונד" ווי אין גאָט.

— דער „בונד" ארבייט גוט ? האָב איך זי אין מיטען א פרעג געטהאָן.

זי איז נאָך מעהר בעגייסטערט געוואָרען:

— וואָס פרעגט איהר ? נאָר דער „בונד" ! די ס. ס. — גאָר ניט ! אבסאָלוט גאָר ניט ! אז די ס. ס. זיינען אמת'ע בורזשור־אזיע... געה טענה מיט זיי ! זיי שטערען נאָר !...

ביים וואָרט „שטערען" איז זי ערנסט געוואָרען און זי האָט אויסגעזעהן, ווי א קינד, וואָס פערטראכט זיך ווען מען פרעגט ביי איהם: ווי פיעל איז 2 מיט 2...

— איהר זייט א בונדיסטקע? האָב איך זי געפרעגט מיט א שמייכעל.

— א פראגע! — האָט זי זיך ווי בעלעדיגט.

— שוין לאנג:

— שוין דריי יאָהר! האָט זי מיט א שטאָלצען שמייכעל געענטפערט.

— נו, און „געזעסען" זענט איהר שוין?

— כאַ—כאַ—כאַ! א קשיא! דריי מאָל: 4 חדשים אין פּאוויאַק, דריי חדשים אין 10טען פּאוויליאָן און א חודש אין ראַטוש.

— און ווי פיעל זענט איהר אלט? האָב איך אויך געשמייכעלט, ווערענדיג פּרעהליך געשטימט פון איהר „ביאָגראפיע".

— אָ, אלט בין איך שוין גענוג — אכצעהן יאָהר!

— און אזוי פיעל האָט איהר שוין געארבייט!

— אָ, דאָס איז נאָך גאָר נישט! — האָט זי לאכענדיג אויסגערופען. איך הויב ערשט אָן...

באלד איז זי אבער ערנסט געוואָרען און האָט זיך אָנגעשרופען:

— איין זאך איז יעצט שלעכט: ניטאָ קיין ליטעראטור, זעהר שווער צו שווארצען יעצט. די ארבייטער האָבען ניט וואָס צו לעזען, אויסער פּראקלאמאציעס.

— אין רוסלאנד דרוקט זיך דאָך אויך.

— עט! — האָט זי א מאך געטהאָן מיט דער האנד — עס קלעקט ניט אויף א צאָהן. מען דאַרף האָבען די אויסלענדישע.

און וועגען דעם איז זי טאקע געקומען. אָט דאָס קליינע אכצעהן־יעהריגע מיידעלע, האָט געשוואַרצט דעם גרענעץ און איז אהער געקומען איבערצופיהרען ליטעראַטור פאר די ארבייטער אין רוסלאנד.

איך האָב מיך געשעהמט, אבער איך האָב זעהר געוואלט זאגען:

— מען דארף ניט. מען וועט אייך ארעסטירען...

אודאי קען מען זיך שעהמען צו זאגען אזוינס, ווען פאר דיר שטעהט אזא מוטהיגע זעלע.

און צו מיר, וואס האט דאס געוואלט זאגען איז זי נאך הילף געקומען....

ווי גליקליך איז מיט איהר גלויבען!

ווי פרעהליך איהר איז.

און ווי אומעטיג מיר איז!

איך האב געוואלט קושען דאס יונגע, פרישע רייגע קינד פון פאלק וואס לעבט און ברענגט לעבען! איך האב אבער זוי מורא געהאט...

פאר אלץ האב איך מורא...

און דאס יונגע קינד, דאס קינד פון פאלק האט פאר קיין זאך קיין מורא ניט. זי וועט איהר שעהנע יונגע רייגע לייב מיט בראשורען ארומוויקלען און וועט אזוי שווארצען דעם גרענעץ, צו ברענגען גייסטיגע שפייז פאר די הונגעריגע ארבייטער. און טאמער וועט איהר דער גראבער בעאמטער אין א צימער ערגיץ בעזוכען, און גראב מחלל זיין די הייליגקייט, וועט אבער איהר נשמה אלץ רייז, אלץ קלאר, אלץ מוטהיג בלייבען.

זי גלויבט און האט ניט קיין מורא?

א גליקליך וועג דיר, ליעבעס פאלקס-קינד!

# דער קעלנער.

אין דער נאכט־קאפע איז צום הערבסט־סעזאָן אָנגעקומען א נייער דאמען־ארקעסטער, וואָס איז בעשטאַנען פון זעקס פריילינס.

נישט קוקענדיג אויף די רעגענדע וועטערס, זיינען זיי אַלע געגאַנגען געקליידעט אין־אונשולד־ווייסען. דער דאָזיגער אנצוג האָט זיי זעהר געפּאסט. איבערהויפּט אָבער האָט אין דעם ווייסען אנצוג בלענדענד־שעהן אויסגעזעהן די ערשטע פיעדלערין, אַ יונגע ברונעטין, וואָס האָט דיריזשירט שטעהענדיגערהייד. הויך און שלאַנק, מיט דעם סמיטשיק אין דער האנד, האָט זי אויסגעזעהן ווי א יונגע קעניגין, וואָס אַט אַט לאָזט זי ארויס א בעפעהל, און אלע, סיי דער ווירטה, סיי די קעלנערס, סיי די געסט וועלען זיך א לאָז טהאָן צו ערפילען איהם. נאָר די דאָזיגע ברונעטין פלעגט נאָך יעדער שטיק זיך אוועקזעצען אויף איהר אָרט, איבערוואַרפען זיך מיט די קאָלעגינען איהרע מיט עטליכע ווערטער און פון צייט צו צייט וואַרפען רוהיגע גלייכגילטיגע בליקען אויף די געסט.

די געסט, דאָס רוב יונגע לייט, האָבען ניט געקאָנט אבריי־סען פון איהר זייערע בליקען. נישט איינער פון זיי האָט זיך ניט געוואָגט צוגעהן צו איהר און מכבד זיין איהר מיט ווייך אָדער קאָניאַק, ווי מען פלעגט זיך אין דער דאָזיגער נאכט־קאַפע נוהג זיין מיט די ביזהעריגע שעהנע דיריזשאַרינס פון דער דאמען־קאַפעליע. מאַנכע געסט, וואָס די בלענדענדע ברונעטין האָט זיי

צופיעל בעאונרוהיגט, האבען צוגערופען דעם אבער־קעלנער. א הויכער בלאנדין, מיט גרויסע, לאנגע וואנסען, אין א שווארצען פראק, און איהם געפרעגט, אנווייזענדיג מיט'ן בליק אויף דער פידלערין:

— ביטע זעהר, איזט זי צום האבען?

דער קעלנער פלעגט אויפהויבען זיין בליק צום ארקעסטער, זיך פערטראכטען און ענטפערן ניט ווי זיין שטייגער איז, בייז און אויפגערעגט:

— א, ניין! גאט בעהיטע!..

געוואוסט האט אבער דער קעלנער, אז ער זאגט דא א ליי־גען און ער דיענט דערמיט ניט עהרליך זיין ווירטה; פערקעהרט, זיין פפליכט איז זיך נעהנטער צו בעקענען מיט איהר, איבער־געבען איהר, ווי אזוי זי פאנגט הערצער, און פיהרען אונטער־האנדלונגען, פון וועלכע אי ער, אי דער ווירטה פון קאפע זאלען קאנען פערדיענען.

נאר דאס ערשטע מאל, זייט ער איז א קעלנער דענקט ער ניט פון טרייהייט און פון פערדיענסט. די דאזיגע נייע געפיה־לען בעאונרוהיגען איהם: „וואס איז דאס פאר א קרענק?" טראכט ער, און בעשליסט צוצוגעהן צו איהר, ווען זי געהט אריין אין גארדעראב־צימער, און איבערגעבען איהר דאס, וואס א קעלנער דארף איבערגעבען, אויב ער וויל זיין און עהרליכער, טרייער קעלנער... אבער זיין בעשלוס ווערט פערשוואונדען, ווען ער הויבט נאר אויף זיין בליק און דערזעהט זי שטעהענדיג מיט דעם סמיטשיק אין דער האנד און די אויגען פינקלען און לייב־טען אזוי רוהיג, אזוי ריין...

— איזט זי צום האבען? — שלאגט איהם איבער מיט א פראגע, א הויכער, דיקער גאסט.

— אבער ניין! וואס זאגען זי? — ווערט ער ווי בייז, און דערשרעקט זיך אליין פאר זיין טאן.

דער ווירטה האָט איהם שוין אויסגערעדט, אז די לעצ־טע צייט בעגעהט ער זיך ניט העפליך מיט די געסט.

— זי פערגעסען זיך! — האָט איהם דער ווירטה גע־מוסר'ט.

און ער האָט זיך אויף זיך גענומען צו ווערען גוט און פרום און דערגעהן ביי „איהר“, אויב זי „איזט צום האבען“.

---

און עס איז כדאי געווען צו דערגעהן: דער נייער גאסט איז געוועזן דער באנקיר ל י ע ב ע ר ה א ה ן, איינער פון די בע־וואוסטע לעב־קינדער. פון אזא גאסט קאָן מען גליקליך ווערען.

און ווען דער דאָזיגער באנקיר איז צו איהם צוגע־גאנגען און געפרעגט, ווייזענדיג אויף דער ברונעטין:

— איז זי צום האבען?

האָט ער, ווי ווייט מעגליך, העפליך געענטפערט:

– גלייך ערפאהר איך עס, הערר באנקיער.

די ברונעטין איז גראד ארוים אין גארדעראָב־צימער צו פעררייכטען איהרע האָר. ער איז גלייך נאָך איהר אריינגעגאנגען, און בלייבענדיג מיט איהר אליין, איז ער ווי צוטומעלט געוואָרען פון איהר בלענדענדער שעהנהייט.

— וואָס וואָלען זי, הערר „אָבער“? — האָט זי איהם גוט־מוטהיג געפרעגט, ארויפלעגענדיג איהר וואַרמע, ווייכע האנד אויף זיין נאקען.

— ביטע זעהר — האָט ער זיך געמוטהיגט — פיעלע געסט זיינען פון אייך בעצויבערט... אבער זיי זיינען אלע לומפען... באנקיער ל י ע ב ע ר ה א ה ן פרעגט, אָב... איהר זייט צו האבען...

— באנקיער ל י ע ב ע ר ה א ה ן... — האָט זי מיט א קלינגענדער שטימע געענטפערט — אַ, יא! איך האבע פון

איהם געהערט... ער איזט ווירקליך זעהר רייך; ביטע זעהר. זאַ־
גען זי צוּיעלב איהם וועל איך פריי ווערען פריהער...

א שוואַרצער וואָלקען האָט פערדעקט דעם קעלנערס פּנים,
און ער האָט אונרוהיג ווידער איבערגעפרעגט:

— ווירקליך ?...

— נון, יאָ ! — האָט זי געלאכט, — זאגען זי איהם, אום
צוויי אוהר בין איך פריי...

— דאנקע זעהר ! — האָט דער קעלנער קוים ארויסגע־
רעדט און איז ארויס.

— אלזאָ ? — האָט דער באנקיר געפרעגט, דערזעהענדיג
איהם.

דער קעלנער האָט שוין געוואָלט ארויסרעדען זיין מיטטיי־
לונג : „יאָ, צום האָבען". נאָר עפּיס ווי דורך א כשוף האָט זיך
די צונג א דרעה געטהאָן, אין די אויגען איז דונקעל געוואָרען
און ער האָט געענטפערט:

— גאָט זאָל אויסהיטען ! זי איז א פיין — אנשטענדיג
מיידעל !...

דער באנקיר האָט קאָמיש אראָבגעלאָזט די נאָז.

דער קעלנער האָט טריאומפירט...

# זומערדיגע בעקאַנטשאַפֿט.

## (דערצעהלט פון אַ „דאָן זשואַן").

עס האָט פּאַסירט אין אַן אַנדער צייט און אין אַנדער לאַנד. אַבער שרעקט זיך ניט! — מיינט ניט, אַז איך געה אייך דערצעהלען אַ היסטאָרישע פּאַסירונג. גאָט זאָל מיר אָבהיטען פון היסטאָרישע פּאַסירונגען. דערצו נעהמען זיך אַזוינע לייט, וואָס האָבען אליין גאָר נישט דורכגעלעבט און שעפּען אַלץ פון בוך... איך געהער דוקא צו דעם סאָרט מענשען, וואָס איין פּרוּוען־בליק מאַכט אויף מיר מעהר איינדרוק ווי הונדערטער עפּיזאָדען פון היסטאָריע... אבער ניט דאָס בין איך אויסען.

אַלזאָ, עס האָט פּאַסירט אין אַן אַנדער צייט — מיט עטליכע יאָהר צוריק: אין אַן אַנדער לאַנד, אין איינער פון די שעהנסטע לענדער פון אייראָפּאַ. עס איז געוועזען אַ שעהנער לייכטזיניגער פריהלינגס־טאָג. דעם דאַטום געדענק איך ניט, אַבער לויט די גראַדוסען פון ליעבע, וואָס דער באַראָמעטער האָט אין מיין ברוסט דאַמאָלט געצייגט, שטעל איך מיך פאָר, אַז עס האָט געמוזט זיין ארום ערב מאַי. דער טאָג איז געוועזען לייכטזיניג, ווי איבערהויפּט די ערשטע פריהלינגס־טעג, אבער איך בין נאָך לייכטזיניגער געוועזען. איך האָב פּשוט זיך פערליעבט אין יעדער פאַרבייגעהענדיגער מיידעל, נישט קוקענדיג צי דאָס מיידעל געהט אליין, צי מיט אַ בעגלייטער. עס האָט געהאַלטען שיער־שיער ביי אָבשטעלען יעדער מיידעל אין מיטען גאַס, פאַלען אויף די קניע און אויסזיפצען: איך ליעב דיך, קום מיט מיר

ערגעץ אוועק אין א שטילען גאָרטען, אָדער אין א שטילען צימער, וואו איך און דו, און איך און די ליעבע...

מעהר וואָלט אבער ניט געפעהלט אזוינס אין מיטען דער גאס צו טהאָן! מענשען וואָלטען גלייך עמפּערט געוואָרען פאר אזא פרייהייט, כאָטש דאָס לאנד וואו עס האָט פּאסירט איז געווען ניט קיין פרייע רעפּובליק ווי די פעראייניגטע שטאאטען און ליעבע איז דאָרט דוקא ניט געווען פערבאָטען. פערקעהרט, אין יענעם לאנד פון מאָנארכיע און זעלבסטהערשונג איז די איינציגע כשר'ע סחורה געוועזען די ליעבע. רעוואָלוציאָנערען, אז זיי פלעגען וועלען אבווענדען פון זיך דעם פערדאכט, פלעגען זיי זיך לפּנים פערליעבען אין זייערע חבר'טעס און ווען די פּאָליציי פלעגט אמאָל איינברעכען צו זיי אין צימער, וואו עס האָט זיך פּראָדוצירט בשתיקה פון'ם לאנד די פרייהייט פאר די בירגער — פלעגען זיי זיך כאַפּען קושען מיט די חבר'טעס, כדי צו בעווייזען, אז זיי זיינען נישט געפעהרליך פאר'ן לאנד.

אָבער אין מיטען גאס פאלען אויף די קניע איז אפילו אין יענעם לאנד געווען נישט ערלויבט. די גאס האָט געדיענט פאר מעהר ערנסטע צוועקען. און דעריבער איז אין די דאָזיגע פריהלינגס־טעג מיט דער ליעבע אויך דאָרט געווען שווער זיך אן עצה צו געבען.

אָבער פערקירעווענדיג זיך פון די רוישענדע גאסען אין א שטילער גאס, ניט וויט פון א קליינעם גערטענדעל, האָב איך זיך בעגעגענט מיט א מיידעל, וואָס האָט אין יענעם טאָג מיין הארץ אָנגעצונדען גלייך מיט'ן ערשטען בליק. מיט'ן צווייטען בליק האָט זיך שוין אָנגעכאפּט דער קאָפּ און איך האָב דערפיהלט אז איך ווער פערברענט, דאן האָב איך, אום צו ראַטעווען זיך פון דער דראָהענדער געפאהר אין גאנצען ניט פערברענט צו ווערען, אויסגעשריען:

— פרייליין!

און האָב איהר אריינגעקוקט טיעף אין די אויגען אריין.

— וואָס איז ? — האָט זי זיך אָבגעשטעלט און מיך צוריק אָנגעקוקט. געדאַכט האָט זיך מיר, אַז זי אַליין איז אויך אַביסעל אָנגעצונדען.

— איך האָב אייך ערגעץ געזעהען און קען מיך ניט דער־מאָנען וואו... — האָב איך זיך געפּרואווט פּעררופען אויף אַן אַלטער סגולה.

— יאָ.. מיר דאַכט זיך אויך אַזוי... — האָט זי געענטפערט.

— אַלזאָ, וואו און ווען ? — האָב איך זיך ערנסט פער־טראַכט.

— יאָ, איך געדענק אייך פון ערגעץ... — האָט זי פער־שעהמט געשמייכעלט.

— אַט איז ניט ווייט דער גאָרטען ! — האָב איך איהר געזאָגט, אָנווייזענדיג מיט'ן האַנד אויפ'ן גאָרטען, וועלכער האָט זיך ניט ווייט פון אונז געפונען... מיר וועלען אַהין אריינגעהן, זיך אָני ערוהצען...

— יאָ, איך בין טאַקע אַביסעל פערמאַטערט פון געהן...— האָט זי ז'עווודיג געפּליסטערט. אַבער מיין גאָט ! — האָט זי זיך געכאַפּט ענדליך — איך קען דאָך אייך ניט...

— איהר האָט דאָך אַליין געזאָגט, אַז אייך דאַכט זיך, אַז איהר האָט מיר אויך ערגעץ געזעהן, — האָב איך איהר בערו־היגט, — הייסט עס, אַז מיר זיינען בעקאַנט.

— איך קען מיך אָבער נישט דערמאָנען ווען און וואו... — האָט זי געשמייכעלט און איז מיר נאָכגעגאַנגען.

— צייט און אָרט עקזיסטירען ניט פאַר אונז... — האָב איך געפּרואווט צוצוציהען זימ יט העכערע אויסדריקע.

זי האָט געשמייכעלט, מיך אָנגעקוקט און זי איז קענטיג צופריעדען געבליבען. אַבער אַז מיר זיינען שוין ביידע גאַנץ נאָהענט איינע נעבען די אַנדערע געזעסען אויף א באַנק אין א שטילער אַלעע, און די גוטע מענשען האָבען אונז געלאָזט אונ־געשטערט זיצען און האָבען זיך ארומגעדרעהט אין אַנדערע ווינק־

לען, פאר וואס איך בין זיי שטארק דאנקבאר געווען, האט זי זיך ווידער אנגערופען:

— ווירקליך, איך קען מיך ניט דערמאהנען, וואו האב איך אייך געזעהן.

איך האב אנגענומען איהר האנד, א שטארקען דריק געטהאן און געענטפערט:

— צו וואס דעם קאפּ ברעכען? עס איז אזא שעהנער פריהלינגס־טאג...

— יא... דער טאג איז ווירקליך א שעהנער, — האט זי מודה געוועזען און האט מיך אנגעקוקט פון פּראפיל. אבער ווירקליך — עס טהוט מיר לייד, וואס מיר קומט אוים צו זיצען מיט א מענשען, וועלכען איך קען ניט...

איך האב זי פריינדליך אנגעקוקט. נאכדעם האב איך זי א דריק געטהאן אין מיינע אָרעמס און זי א שטארקען קוש געגעבען און נאכדעם ערשט האב איך זיך אנגערופען:

— אט קענען מיר זיך שוין אביסעל...

— אך! — האט זי אויסגערופען מיט א געמאכטער אונצופריעדענהייט — אט דאס הייסט ביי אייך קענען זיך? מיין גאט!...

— נאטירליך, דאס איז ווענינ... איך פערשטעה... אבער באלד... דער אָווענד וועט קומען... מיר וועלען זיך נעהנטער בעקענען און מיר וועלען ענדליך פריינד ווערען.

איך האב געגלעט איהרע הענד, געקוקט איהר אין די אויגען און געוואַרט אויף אן ענטפער.

זי האט געשוויגען... אבער איז דאס ניט געווען דער שעהנסטער ענטפער?

# די ענטווישטע.

(דערצעהלט פון א „חבר“)

וואס וויל האבען פון מיר די לעצטע צייט שטערקע, ווייס איך אליין ניט. זי איז, דאכט זיך, שוין ניט קיין יונגע מיידע־לע, זי דארף פערשטעהן, אז איך בין ניט שולדיג, אז מיר טהוט אויך וועה דאס הארץ, קוקענדיג וואס פון דער בעוועגונג איז גע־ווארען; קען מען דערצו עפעס העלפען? זי האט טענות צו די ארבייטער, וואס זיי האבען זיך גענומען חתונה האבען? נו, וואס בין איך שולדיג? א י ך האב דאך ניט חתונה און זי אויך ניט... וואס גערט דיר אן ווער עס האט חתונה?... אלע קענען דאך ניט זיין אזוי הייליג ווי דו. די בעסטע יאהרען אוועקגעגעבען דער בעוועגונג און פון איינענעם גליק אפילו קיין טראכט ניט געגעבען, פונקט ווי מען קען זיין גליקליך אהן גליק...

נאטירליך, איך פערשטעה גאנץ גוט, אז עס איז פערדראָ־סיג. האסט געמיינט, אז אלץ איז אזוי הייליג, מיט אמאל איז אזוי וואכעדיג געווארען, ווי א קאלטע גרויע האנד וואלט זיך פלוצלונג צוגעשטעקט צו אלץ, וואס ס'איז הייליג געוועזן און עס פערשוועכט; אדער ווי טויזענדער לצים וואלטען זייערע צינגער אויסגעשטעלט און אלץ אויסגעלאכט, אויסגע'חוזק'ט... נו, מילא, וואס זאל מען טהאן? איך פרעג אייך, וואס זאל מען טהאן? מען דארף איבערוואַרטען, איבערוואַרטען געדולדיג ביז דאס הייליגע פייער וועט ווידער די הערצער אויפפלאַקערן.

איבערוואַרטען!... איך פערשטעה, אַז איהר, שטערקע'ן, הייסט עס, איז ניט אַזוי לייכט צו וואַרטען. זי איז שוין דריי־ סיג יאָהר... דרייסיג יאָהר! אַ סך אַבגעלעבט, אַ סך געאַרבייט! זי איז פון די ערשטע געווען! אַמאָל האָט מען זי פאַרגעטערט... אַ קלייניגקייט — שטערקע! צו איהר אין צימעריל אַריינגעהן איז געווען אַ זכיה! ווער פלעגט אַריינגעהן צו איהר? שוין דער סאַמע טהוער, וועמען מען האָט געקענט אַנפערטרויען. איך גע־ דיינק מיין גליק, ווען איך בין דאָס ערשטע מאָל ביי איהר גע־ ווען. ס'איז געווען אַ ווינטער־נאַכט. איהר קליין צימעריל האָט בעלויכטען אַ קליין לעמפּעל, וועלכער האָט געברענט, אַזוי האָט מיר דאַמאָלס געדאַכט, ניט מיט אַ געוועהנליכען פייער, נור ווי עפּעס אַ פייער ביי אַ הייליגער צערעמאָניע... אפילו די מאַשינ־ קעלע, וואָס זי האָט דאַמאָלס אָנגעצונדען און געמאַכט טהעע פאַר מיר, האָט אויך ניט געוועהנליך געברענט, אפילו געזשושעט האָט דאָס פייער אַזוי זיס־אַנגסטליך... דאַמאָלס איז זי געווען יונג; נאָר ווער האָט זיך אויף יוגענד אומגעקוקט?.. איהרע האָר זיינען געווען געשאָרען, ניט חלילה ווייל ס'איז געווען אַ מאָדע, שטערקע האָט אויף מאָדע קיינמאָל נישט געקוקט, נאָר זי האָט טאַקע פיינט געהאַט איהרע לאַנגע שעהנע האָאָר... זיי זיינען צו שעהן געווען און זי האָט זיי אַרונטערגעשניטען... דאָס איז געווען אַן אונבעוואוסטער קרבן דער אידעע... איצט טראָגט זי ווידער לאַנגע האָאָר, נאָר זיי זיינען שוין ניט אַזוי שעהן ווי אַמאָל. זיי זיינען שיטערלאַך און האָבען שוין וואו ניט וואו ווייסע פעדים... איך קוק אויף זיי און עס טהוט מיר אַזוי באַנג, אַזוי באַנג וואָס ביי דער גוטער איידעלער שטערקע'ן האָבען זיך אַזוי גיך ווייסע האָאָר בעוויזען. זי ווייס זיכער דערפון. איך האָב בעמערקט, אַז זי קוקט אָפט אין שפּיגעל...

אָט איז זי נעכטען ביי מיר געווען.

— נו, וואָס הערט זיך? — פרעגט זי מיך.

איך ענטפער, פון יוצא וועגען:

— אל־דאָס גוטס!

— יאָ, אל־דאָס גוטס... — שמייכעלט זי ביטער — איהר ווייסט, אז יאַשקע געהט חתונה האָבען מיט חאַנקען.

— נו, מזל טוב אונז! — פּרוב איך זיך וויצלען.

זי בלייבט ניט צופריעדען מיט מיין טאָן און בייזערט זיך:

— ביי אייך איז אלץ א וויץ... איהר ווייסט אז יאשקע מיט חאנקע'ן זיינען געוועזן די איבערגעבענסטע „טהעור".

— נו, דאריבער דארפען זיי ניט חתונה האָבען? — פרעג איך.

— חתונה האָבען... — מורמעלט שמערקע — וואָס עפּעס האָבען זיי אלע גראָד איצט חתונה, עפּעס גראָד איצט...

— איצט — לאָך איך — איז די בעסטע צייט. די בעווע־גונג איז שטיל, חאַפּט מען אריין, שפּעטער וועט ווידער קיין צייט ניט זיין...

זי פערטראַכט זיך א ווייַלע און ענטפערט:

—אַמאָל פלעגען אנדערע פון דער בעוועגונג אויך חתונה האָבען, נאָר עס פלעגט עפּעס ארויסקומען אזוי שעהן, אזוי ער־האָבען... מען פלעגט זינגען רעוואָלוציאָנערע ליעדער, מען פלעגט זאמלען געלד פאר'ן בונד... דאָס חתונה האָבען איז געווען מעהר צוליעב דער בעוועגונג, ווי צוליעב זיך.. און יעצט האָבען זיי חתונה ווי די הינט, פערגעסען אָן אלץ.

— און אז זיי האָבען ניט חתונה איז אייך בעסער? — פרוב איך זי בערוהיגען — סיי ווי סיי אינטערעסירט זיי גאָר־נישט...

— וואָס הייסט זיי אינטערעסירט גאָר נישט — רעדט זי ווידער בייז — אָט בין איך אייערגעכטען אריין צו לייבען, ער איז געווען דער איבערגעבענסטער טהוער, ערשט איך טרעף איהם ביי א ביכעל.. ווי ער האָט מיך דערזעהן, בעהאלט ער דאָס ביכעל... וואס בעהאלט איהר זיך פון מיר? פרעג איך איהם,

וואס מיינט איהר, אז איך בין אויך א פראוואקאטארשע גע־
ווארען... האט קיין מורא ניט, ווייזט א קוק מהאן... דער בחור
גיט ניט... און רויט איז ער ווי א בורעק, מילא איך בין דאך אן
עקשן'טע, איך האב מיך איינגעשפארט און פארט א קוק געטהאן.
ערשט טרעפט וואס ער לעזט?...

— וואס? — פעראינטערעסיר איך מיך מיט אן אמת.

— וואס — ברומט זי בייז — ניט „די העלדען פון דער
קאמונע". און ניט „ווי אזוי מען בויט באריקאדען", און אפילו
ניט „די מעשה מיט די פיער ברידער"...

— וואס־זשע דען? — פרעג איך.

— וואס זשע דען? — האקט זי מיר איבער בייז, ווי איך
וואלט שולדיג געווען — וואס־זשע דען? ס'איז א חרפה צו זאָ־
גען — שטעלט זיך פאר, אז ער האט געלייענט פון די היינטיגע
פארנאגראפישע ביכלאך: מיטלען ווי אזוי צו פערהיטען זיך
פון קינדער האבען...

איך פערשעהם מיך פאר'ן נאמען, ווער רויט, מאך אבער
א וויץ און זאג גלייכגילטיג ארויס:

— מסתמא געהט ער אויך חתונה האבען...

מיין ענטפער געפעלט איהר ניט און זי זידעלט מיך:

— איהר זייט א ציניקער!.. איך ארט קיין זאך ניט!...
איהר וועט אודאי אויך אין גיכען געהן חתונה האבען!..

זי טהוט מיר זעהר באנג, איך וויל זי טרייסטען, בערוהי־
גען, זאגען איהר א גוטווארט, אליין בין איך אבער אויך
פערביטערט און עס רייסט זיך ביי מיר ארויס:

— וואס מיינט איהר — זאל זיך נאר מארען א דעכט
מיידעל...

— אך, מיט אייך איז אויך נימא וואס צו רעדען — ענט־
פערט זי מיר האלב בייז און נעהמט ווי אויטאמאטיש דאס
קליין שפיעגעלע, וואס ליעגט ביי איהר אויפ'ן טיש און זי קוקט
זיך איין...

איך ענטפער איהר נישט, נים האבענדיג וואס. מיין ניט ענטפערען ענטמוטהיגט זי נאך מעהר. זי דרעהט א ווייל׳ע אין האנד עפּעס א זאך, וואס זי געפינט אויפ׳ן טיש, לעגט עס אוועק. געהט אום הין און צוריק איבער׳ן צימעריל און זאגט ענדליך ארויס...

— עה, מען דארף געהן.

— וואוהין ? — פרעג איך גלאט אזוי.

— וואוהין ? איך וויים דען וואוהין ? — ענטפערט זי און פערטראכט זיך מאדנע...

איך פיהל, אז מיין חוב איז צו פערהאלטען זי, אין אזא צושטאנד טאר איך זי ניט אוועקלאזען, איך געפין אבער קיין ווארט וואס צו זאגען איהר. זעהענדיג ווי זי טהוט זיך אן שווייג איך, ווי איך וואלט דערמיט געערדט: געה טאקי, ביזט לאנגוויי־ ליג...

זי גיט מיר קאלט די האנד, נאר די אויגען ברענען מיט אן אונהיימליכען פייער. איך וואלט שווערען, אז ס׳איז ניט שטער־ קע׳ם אויגען...

זי געהט ארויס. איך זעה דורכ׳ן פענסטער, ווי זי גערט און וואקעלט זיך. איך וויל זי רופען צוריק. איך וועל איהר טרויסטען. איך וועל זאגען, אז...

נאר איך האב איהר גאר נישט וואס צו זאגען... גאר נישט... גאר נישט...

# דער נייער יחוס.

כאָטש אונזער פריינד ליפּמאַן איז ניט געווען אין פיעלע הינזיכטן רייכער פאַר אונז, האָט ער אָבער דערפאַר געהאַט אַ פאָרצוג איבער אונז מיט דעם, וואָס ער איז געווען פערהייראַט. זיין יונג ווייבעלע, וועלכע מיר האָבען גערופען פערצוויגען „גיטעלע“, איז געווען אויך ניט באַזונדערס שעהן, דערפאַר אָבער האָט זי בעזעסען דעם ספּעציפישען חן פון אַ ווייב, וואָס האָט ליעב דעם מאַן, און זי איז געווען צו אונז אַזוי גאַסטפריינדליך, אַז וויפיעל עס זאָלען ניט ארויפקומען אין אָוועגד, אין זייער צימער, פלעגט זיך אויסמאַרקירען צו מאַכען פאַר אַלעמען אַן אָוונד־ברויט. און אין יענע צייטען, ווען דאָס רוב פון אונזער „חברה“ איז געווען ווייט ניט בעזאָרגט מאַטעריעל, זיינען די דאָזיגע אָוונד־ברויטען, וואָס זיינען איבעריגענס בעשטאַנען בלויז פון פּוטער־ברויטלעך מיט טיי, געווען גענוג צוציהונגס־קראַפט.

אָבער ניט נאָר דער אָוונד־ברויט אליין האָט אונז געלאָקט צו ליפּמאַנ׳ען. זיין צימער האָט געהאַט פאַר אונז, יונגע בחורים, וואָס דורשטען נאָך בעקאַנטשאַפט מיט מיידלעך, נאָך אַ צוציהונג. דאָס זיינען געווען גיטעלע׳ס חבר׳טעס, וועלכע מיר פלעגען טרעפען כמעט יעדען אָוונד און גיטעלע פלעגט אונז פאַר זיי פאָרשטעלען מיט די גרעסטע טיטלען.

— דאָס איז הערר וויגדאָרטשיק, אַ גרויסער דיכטער, און דאָס איז הערר יאַנקעלעוויטש, אַ טאַלאַנטפאָלער נאָוועליסט,

און דאָס איז הערר באַסיין, אַ גוואַלדיגער פילאָזאָף, און דאָס איז הערר דאַווידאָוויטש, אַ גרויסער מוזיקער.

דאָס רוב פון די מיידלעך, וואָס פלעגען ארויפקומען צו ליפּמאַנ׳ס ווייבעלע, גיטעלע׳ס חבר׳טעס, זיינען געווען פון דער פּרעמד, וואָס זיינען געקומען אין דער פּוילישער הויפּטשטאָדט זיך לערנען. גערעדט האָבען זיי אַלע רוסיש און ווען מיר, נאַציאָנאַל־געשטימטע, פלעגען אַמאָל אריינוואַרפען אַ אידישען וואָרט, פלעגט עס זיין אויפ׳ן חשבון פון זייער אויפמערקזאַמקייט. גיטעלע אַליין, וואָס האָט געשטאַמט פון ווייטען דרום האָט גערעדט אַ פּראַכטפולען רוסיש, אַבער אַ דאַנק איהר ליעבע צו ליפּמאַנ׳ען, פלעגט זי פון צייט צו צייט יאָ אריינוואַרפען אידישע ווערטלעך אין איהר געשפּרעך. נאָך יעדען ווערטעל פלעגט זי אָנקוקען ליפּמאַנ׳ען מיט שמייכלענדע אויגען און זאָגען:

— זעהסט, ליפּמאַן, ווי איך רעד אידיש, ווי אַן אמת׳ע אידישע טאָכטער.

און ליפּמאַן פלעגט איהר ליעבליך אַ גלעט טהאָן איבער׳ן קאָפּ און ענטפערען:

— יאָ, דו ביזט אַ אידישע טאָכטער!

איינמאָל, קומענדיג אין אָווענד צו ליפּמאַנ׳ען, האָבען מיר דאָרט געטראָפען אַ נייע חבר׳טע, וועלכע האָט געצויגען אונזער אויפמערקזאַמקייט מיט איהר אַריסטאָקראַטישען אויסזעהן. זי איז געווען הויך און שלאַנק און זעהר בויגיג. איהרע אויגען, גרויס און גרין, האָבען אָבגעשפּיעגעלט גאַנצע דורות פערגאַנגענהייט... גיטעלע האָט איהר געשענקט אויפמערקזאַמקייט מעהר ווי די איבעריגע, און האָט בכלל זיך געהאַלטען מיט איהר ווי מיט מיינער, וואָס איז געקומען פון ווייטע פאַנטאַסטישע לענדער. פאָרשטעלען אונז פאַר איהר, האָט זיך דאָס מאָל גיטעלע ניט געאיילט. אַז איינער פון אונז האָט

שטילערהייד גיטעלע׳ן געבעטען וועגען דעם, האָט זי אַ שמייכעל געטהאָן און זיך אָנגערופען:

— פּאַרדאָן, מיינע הערען, איך האָב אייך ניט פאָרגע־שטעלט. דאָס איז...

און אָבגעבענדיג אונז די געוויסע טיטלען, וואָס דאָס איז שוין ביי איהר געגאַנגען ווי אַ מזמור, האָט זי ענדליך אָנגערופען אויך דעם נאָמען פון דער פריילין: איגר.

— איגר! — האָט איינער פון אונז אויסגערופען — עפּעס אַ בעקאַנטער נאָמען. און פערקנייטשענדיג דעם שטערען האָט ער זיך ענדליך דערמאָנט:

— אַ, איגר! דאָס איז דאָך אַ בעריהמטע פאַמיליע... ר׳ עקיבא איגר...

די נייע אָנגעקומענע האָט אַ שמייכעל געטהאָן, ווי איג־נאָרירענדיג.

אָבער יענער איז געוואָרען אזוי בעגייסטערט פון דעם דאָזיגען נאָמען, אז ער האָט אלץ געהאַלטען אין איין בעוואונ־דערען:

— ר׳ עקיבא איגר... איינער פון די גרעסטע געלעהרטע ביי אידען. געוועזען ראש ישיבה אין פרעשבורג... פּאַרדאָן, שטאַמט איהר טאַקע פון דער דאָזיגער פאַמיליע? — האָט ער ענדליך פאַרזיכטיג אַ פרעג געטהאָן אין רוסיש.

די ניי אָנגעקומענע פריילין האָט ווידער אַ שמייכעל גע־טהאָן מיט׳ן זעלבען איגנאָרירענדען שמייכעל און שטיל ארויס־געמורמעלט:

— דאַ. טאַק אָטיעץ גאָוואָריט...

דאָס הייסט, אז איהר טאַטע זאָגט אזוי.

— אַ, ר׳ עקיבא איגר! — האָט זיך יענער ווידער גע־נומען היצען, — ער איז געוועזן אַ גרויסע פּערזענליכקייט. זיין ווערק חתם סופר..

— טשטאָ?... — האָט זיך די אור־אור־אייניקעל צולאַכט.

— „חתם סופר“ — אזוי הייסט זיין ווערק.

— טשטאַ עטאַ זנאַטשיט? — האָט זי קאַקעטיש געפרעגט און זיך ווידער צולאַכט.

— קאַניעטשנאַ — האָט יענער זיך פערשעמט. — אייך איז עס ניט בעקאַנט... וואו האָט איהר שטודירט? אין מאָס־קווע... קיין אידיש קענט איהר ניט..

— ווי קום איך צו אידיש?... מיין פאָטער האָט מיר אָב־געגעבען צו זיעבען יאָהר אין דער רוסישער פאָלקס־שולע, און נאָכדעם אין גימנאַזיע — האָט זי רוהיג ערקלערט און מאָדנע געשמייכעלט.

— יאָ. נאַטירליך — האָט יענער זיך ווי צוטומעלט, — איך פערשטעה... אָבער ווען איהר ווייסט ווער ר׳ עקיבא איגר איז געוועזן...

— א שטיקעל פאַנאַטיק! — האָט ליפּמאַן, וועלכער איז געוועזן אמאָל א ישיבה־בחור, ארויסגעמורמעלט.

— יאָ... דאָס איז וואס אנדערש... אבער דער יחוס! דער יחוס...

און דער בעגייסטערטער יונגערמאַן האָט מיט דאָרשטיגע בליקען אָנגעקוקט דער נייער פריילין. יענע אבער איז געוועזן אייז־קאַלט. זי האָט זיך עפּעס געשושקעט מיט גיטעלע׳ן און געשמייכעלט, און ענדליך זיך גענומען זעגענען.

אז זי איז ארויס, בעגלייט פון גיטעלע׳ן ביז׳ן קאָרידאָר, האָט ליפּמאַן אונז ערקלעהרט:

— יאָ, איהר אלטער יחוס איז גרויס, אָבער ווען איהר ווייסט איהר נייעם יחוס!

מיר האָבען אלע אָנגעשטעלט אונזערע אויערען.

— אַ, איהר נייער יחוס איז גאָר געוואלדיג. זייט וויסען, בּרידער, — האָט ליפּמאַן אָנגענומען אַ כלומרשט אַן ערנסטען פּנים, — אז די אור־אור־אייניקעל פון ר׳ עקיבא איגר איז פער־ליעבט אין א רוסישען סטודענט פון טאַמבאָווער גובערניע, א

דיאקאנ׳ס א זוהן... ער טראָגט אויך א געוואַלדיגען נאָמען.

— ווי אזוי איז זיין נאָמען? — האָבען מיר זי אלע פער־אינטערעסירט.

— קאָפּיטא...

— קאָפּיטא! — האָבען מיר אלע אויסגערופען און זיך צולאכט... — הייסט עס, אויב דער דיאקאָן קאפיטא זאָל מסכים זיין אויף דעם שידוך מיט ר׳ עקיבא איגר׳ס אייניקעל, וועלען מיר האָבען א יחסנ׳טע אין אונזער פאָלק.

באלד איז אריין גיטעלע.

— ווי הייסט דער סטודענט איהרער? — האָט ליפּמאַן מיט א שמייכעל געפרעגט. — דאכט זיך, קאָפּיטא...

— אָ, דו טראכסט אוים א בלבול! — האָט גיטעלע ערנסט גענומען זיין פראגע. — ער הייסט קאָבילקין!

— אָך, פּארדאָן, קאָבילקין! נאָך א גרעסערער יחוס...

מיר האָבען זיך נאָך העכער צולאכט. אבער באלד האָ־בען מיר זיך פערשעהמט פאר אונזער געלעכטער און האָבען זיך טרויעריג פערטראכט, יעדער אין זיין ווינקעל.

גיטעלע, בעמערקענדיג אונזער טרויער, האָט זיך צו אונז געווענדעט מיט א שמייכעל:

— וואָס האָט איהר אזוי אראבגעלאָזט די קעפּ? עס קאָן נאָך זיין, אז דערפון וועט גאָרנישט ניט ווערען.

— פאר וואָס? — האָט זיך דער אויפגערעגטער יונגערמאַן מיט פרייד אָנגעכאפּט.

— פארוואָס? — האָט גיטעלע געשמייכעלט, — ווייל זי האָט זיך פאר מיר געקלאָגט, אז דער טאטע זייגער, דער דיא־קאָן, וויל ניט...

מיר האָבען זיך ווידער צולאכט, און באלד ווידער טרויעריג געוואָרען...

גיטעלע אָבער האָט אונז געמינטערט מיט טהעע און מיט אידישע ווערטלעך.

# דער איינציגער בחור.

## (א היימיש בילד).

מעג עס קלינגען אונגלויבליך, אבער די זאך איז אזוי געד ווען: אין דער פאראבאצקער גאס, איינע פון די זעקס שטעד טישע גאסען, האט זיך געפונען נישט מעהר ווי אן איינציגער בחור און געהייסען האט ער בעריל.

בעריל איז ניט קיין זעהר שעהנער נאמען. ווער עס האט האט אן אויער פאר קלאנגען, דערשפירט גלייך, אז עס גרילצט. אבער אין יענער גאס האט דער נאמען בעריל געקלונגען, ווי א שעהן שטיקעל מוזיק געשפיעלט אויף א חתונה...

מיט בערל׳ען איז די גאס געווען פערנומען טאג און אבענד. מיר זאגען ניט טאג און נאכט, ווייל אין גאס האט מען זיך דאס רוב געלעגט שלאפען ווי נאר אבענד. אויסער אין תמוז, ווען עס איז געווען זעהר היים און מען פלעגט זיך ערד לויבען זיצען אויף די פריזבעס און גאניקעס אביסעל שפעטער.

וועגען בערל׳ען האבען גערעדט מעהר ווי אלע די מיידלעך פון גאס. מיידלעך האט שוין דוקא די גאס פערמאגט א סך. די גאס האט מיט מיידלעך געשוויבעלט און געגריבעלט. לייבע דער בעקער, למשל, אליין האט פערמאגט זעקס מיידלעך, ניט אריינרעכענענדיג די אינגסטע, וואס האט שוין צו פערצעהן יאהר איבערגעוואקסען אין הויך איהרע שוועסטער. גרונם דער מלמד, א איד א חלוש, האט געצעהלט זיין פערמעגען א קליין שטיבעלע, א שטעלבעל מיט א ציעג און זיעבען מיידלעך. ערשט

צו דער עלטער־צו האט איהם דאס ווייב געבוירען א קדיש — היינט געה ווארט ביז ער וועט ווערען א בחור!.. די „רייכערע" און גליקליכערע בעלי־בתים פון גאס האבען פערמאגט צו פיער מיידלעך. געווען אויך גאר א גליקליכער איד אין גאס, וואס האט בלויז געהאט צוויי טעכטער. דער דאזיגער איד האט געהייסען משה אליה'ס און צו איהם פלעגט מען קומען אפט נאך א גרויסער נדבה:

— נישקשה, — פלעגט מען טענה'ן — ער קען געבען. ער האט ניט קיין סך טעכטער.

בעריל'ס טאטע אליין האט אפילו געהאט ביי א פינף טעכטער, אבער ווי באלד גאט האט איהם געבענשט מיט א זוהן, וואס די גאס קלינגט מיט איהם, האט ער שוין די טעכטער אנגענומען פאר ליעב און געהאפט, אז דער נדן, וואס בעריל וועט נעהמען, וועט איהם אויסהעלפען חתונה צו מאכען די טעכטער.

דעם אמת מעג מען זאגען, אז אויב מען זאל אריינרעכענען אין חשבון די זיהן פון האצקעל דעם דאפס־שניידער און העניך דעם שוסטער און בינם דעם שמיעד, האט די גאס פערמאגט ביי א זעקס בחורים, אויסער בעריל'ען. אבער די זיהן פון די דאזיגע בעלי־מלאכות זיינען אין חשבון ניט אריין. סיי די בעלי־בתים אליין, סיי זייערע טעכטער, האבען אויף בעלי־מלאכה'שע בחורים ניט געקוקט ווי אויף אמת'ע זכרים. דאס איז געווען גאר א בעזונדער מין. דער אמת'ער מין וואס זיי האבען געברויכט איז געווען טאקע ווידער אמאל בעריל.

אבער בעריל האט געוואוסט זיין יחוס. קודם איז זיין טאטע איינער פון די רייכסטע תבואה־הענדלער; צווייטענס איז ער טאקע א גרויסער פארשוין: דריטענס, שרייבט ער פיער שפראך: אידיש, לשון קודש, רוסיש און דייטש. און אז ער וויל שטארק, קען ער ענגליש שרייבען אויך. ער האט שוין איבערגעשריעבען נאך א קאנווערט אן ענגלישען אדרעס, און עס איז

א סברה, אז עס איז אָנגעקומען. די אידענע, וועלכער ער האָט דעם אדרעס אָנגעשריבען, איז גראד נאָכדעם אוועקגע־פאָהרען אין אמעריקא, און ער ווייס נישט גענוי צי דער בריעף איז אָנגעקומען צי ניט, אָבער איבערגעשריבען האָט ער יאָ!

ווידער שפּיעלט ער פיעדעל „פּאָ־סלוכו". פון נאָטען האָט ער ניט געהאַלטען, אָבער „פּאָ־סלוכו" שפּיעלט ער אויס אַלערליי מארשען, א פּאָלקע מאזורקע און א וואלץ. ער קען אויך אויפ׳ן פיעדעל מעביר זיין די סדרה, אויסשפּיעלען דעם ניגון פון שיר השירים, איכה און כל נדרי.

דערצו איז ער דער איינציגער אין גאַס, וואָס טראָגט סיי וואָך און שבת א געפּרעסטע העמד מיט א קראַגען און א שניפּ־סעל. אויך איז ער דער ערשטער אין גאַס, וואָס טראָגט א ווי־זיטקע. אזוינס טראָגען האָט זיך נאָך ביז איהם אין שטעדטעל קיינער נישט ערלויבט!

און צו די אלע מעלות איז ער א לעבעדיגער, פרעהליכער יונג! ער היט אָבער שטאַט. אבער אמאָל אז עס מאכט זיך א געלעגענהייט האָט ער ליעב צו ראָמאנסירען מיט די נאסיגע מיידלעך.

די מיידלעך זיינען טיעף אין הארצען אלע פערליעבט אין איהם. אָבער בייז זיינען זיי אלע אויף איהם און מען רעדט אויף איהם אוים כל דבר אָסור.

און בייז איז יעדערע אויף איהם בלויז דערפאר וואָס ער האָט צו טהאָן מיט אלע און ניט מיט איהר אליין. אָט דאכט זיך שטעהט ער מיט איהר נעבען גאניק און מאכט איהר א קאָמפּלימענט, אז זי איז די שעהנסטע און די קליגסטע אין דער וועלט און גיט איהר אָנצוהערעניש, אז מאָרגען, שבת בייטאָג וועט ער זיין ארום די קאָרען... קומט ער אָבער צו איהר חבר־טע זאָגט ער כמעט דאָסזעלבע דער חבר׳טע און אז מען טרעפט

זיך שבת ארום די קארען איז בעריל ארומגערינגעלט פון א סטאדע ווייסע מיידלעך, ווייל די זומערדיגע מאדע אין שטעדטעל איז געווען ווייסע קליידער און אז בעריל פלעגט געהן פאר־אוים און זיי נאך איהם פלעגט אויסקומען ווי א סטאדע שע־פעלעך לויפען נאך זייער געטרייען פאסטוך.

אבער די בערעדערינס און רכילות טרייבעריגס און אב־לאבערקעס, וואס די גאס האט, ווי דער שטייגער איז אין דער גאנצער וועלט, האבען בערלען פערגליכען צו א באראן, נאך וועמען די שאף לויפען נאך...

דאך קיין גרויס פערגעניגען האט בעריל פון די מיידלעך ניט געהאט און טאקע בלויז דערפאר וואס זיי האבען איהם אלע געהיט, קיינמאל איהם ניט געלאזט אליין מיט איינער, ווי עס פאסירט אמאל אין דער גרויסער וועלט. בעריל איז געווען שטענדיג ביי די גאסיגע מיידלעך אויפ'ן אויג. האט ער זיך בשתיקה אבגערעדט צו טרעפען מיט איינער פלעגט אויך ווי־סען די צווייטע, ווייל די ערשטע האט דעם דאזיגען גליק ניט געקענט האלטען בסוד און האט עס געמוזט פערטרויען איהר איינציגער חבר'טע. די חבר'טע האט דאס איהר שוין ניט פער־גונען און האט שוין פאר א דריטער אבגערערצעהלט מיט א שטעכווערטיל:

— ווי געפעהלט דיר? בעריל האט אבגעמאכט מיט בייל־קען צו טרעפען זיך מארגען ארום די קארן.

— א ליעבע! — פלעגט די דריטע בייז חוזק מאכען.

— ווערסט קומען מארגען וועלען מיר אלע געהן — לעגט פאר די צווייטע.

און אויף מארגען האבען שוין אלע גאסיגע מיידלעך בלומר'שט ווי צופעליג, זיך געטראפען ארום די קארען.

נאטירליך, א מענש איז ניט פון אייזען און בעריל פלעגט

זיך אמאָל פער׳גנב׳ענען מיט אן אויסגעוועהלטע מיידעל צוויי־
שען די שמאָלע שטעגעלעך אין די קאָרען. אבער אזוינס האָט
מען שוין ניט איהם און דער עיקר ניט איהר פערגונען. עס
פלעגט גלייך ווערען א זוכעניש און מען פלעגט דאָס פּאָרל
פּאקען מיט א געלעכטער און שטעכווערטלעך:

— בעריל וויל זיך לערנען ערד־ארבייט! — גיט א זאָג
א מיידעל וועמעס טאַטע איז א חובב־ציוניק און זי וויים, אז
עס איז דאָ אזא חברה וואָס וויל אז אידען זאָלען בעארבייטען
די ערד...

און בעריל ווערט ניט נתפעל און פערענטפערט זיך:

— אין די קאָרען איז קיהלער...

און דאָס מיידעל מיט וועלכער מען פלעגט איהם כלומרשט
פּאקען, פּאַכט זיך מיט׳ן ארבעל און קרעכצט חנ׳עוודיג:

— עס איז זעהר הייס...

— האָסטו זיך, הייסט עס, געוואָלט מיט בערלען אבקיה־
לען...

און די איבעריגע מיידלעך שיסען אויס א געלעכטער און
צושיטען זיך אין אלע זייטען.

האָט שוין מורא בעריל, אז די מיידלעך וועלען די דאָזיגע
געשיכטע אויף טעלערלעך צוטראָגען און עס וועט איהם שאדען
צו א שידוך, לויפט ער זיי נאָך, פערהאייניגט זיי און לעגט
פאָר מען זאָל אלע שפּיעלען אין עפּעס א שעהנעם שפּיעל!

— אין כאַפּעניש! — לעגט איינער פאָר.

און אלע שטימען פאר כאַפּעניש... אדרבא, זאָל ער זיי
כאַפּען!...

און בערלען קומט אוים צו כאַפּען יעדע מיידעל.

אין פערלויף פון א שטונדע קומט איהם אוים איבערצוכאַ־
פּען ביי א פּאָר טוץ מיידלעך, ארומצונעהמען אזוי פיעל טאַ־

ליעס, מאנכע אין קארסעטען און מאנכע לייזע... דאס מאכט איהם זעהר מיעד און עס הויבט איהם אן שטארק צו דארשטען...

און בעריל שלאגט פאר א פלאן:

— מען זאל זיך לאזען צו דער קרעניצע!...

און אלע מיידלעך דערפיהלען זיך דורשטיג און מען לאזט זיך נאך בערלען צו דער קרעניצע...

## טויט־שרעק.

ליזע. א האלב אינטעליגענטע ארבייטער־מיידעל, האט אנ־
געהויבען מורא צו האבען צו שלאפען אליין אין איהר קליי־
נעם צימער, וואס האט א בעזונדער טהיר פון קארידאר. די
אורזאכע פון דער פאמעליכדיגער אנגעקומענער מורא ווייס
זי אליין נים. ליזע איז אן ענטוויקעלטע מיידעל, ס'הייסט ענט־
וויקעלט נים קערפערליך נאר גייסטיג. קערפערליך איז זי דוקא
מאגער, אבער אויף איהר גייסטיגער ענטוויקלונג קען זי זיך
נים בעקלאגען. זי האט פיעל געלעזען, פיעל לעקציעס געהערט
און וועגען פיעלעס דעבאטירט מיט איהרע בעקאנטע, גאנץ
אויפגעקלעהרטע יונגע לייט, צווישען וועלכע עס האבען זיך גע־
פונען זאגאר א צוויי דריי סטודענטען פון פערשיעדענע פא־
קולטעטען.

און דאך האט זי מורא צו בלייבען ביי נאכט אליין אין
איהר צימער. זי האט שוין איינמאל געלאזען די גאז ברענען א
גאנצע נאכט, האט זי אבער נים געקענט פאר דער ליכט
שלאפען. פערלעשט זי די גאז און בלייבט אין דער פינסטער,
שרעקען איהר די שאטענס אויף די וועגד, וואס בילדען זיך
פון דעם ליכט פון די גאס־לאנטערנעס וואס דרינגען אריין
דורכ'ן פענסטער אין צימער, און דער ווייסער מאנטעל, וואס
הענגט נעגען איבער, דאכט זיך איהר אוים א מת. זי לאכט
פון זיך אליין, שפרינגט אראב פון בעט און מאכט זיך הארץ,

טאפט אַן און זעהט בעשיינפערליך אז עס איז אַ מאַנטעל.

דאן מוסר'ן זי זיך אוים, וואָס זי איז געוואָרען אַזוי אבערגלויביש און קען אַן אונשולדיגען מאַנטעל אַנגעהמען פאר א מת. זי לעגט זיך צוריק אין בעט, דעקט זיך איבער מיט דער קאָלדרע ווערט איהר שטארק היים. זי דעקט זיך אָב און קוקט מיט שטארע בליקען אויף די ווענד. דער מאַנטעל בלייבט שוין טאקע ניט מעהר ווי א מאַנטעל, אבער דאָס ווייסע אונטער־קליידעל, וואָס איז איבערגעוואָרפען אויפ'ן שטוהל, זעהט אוים פונקט ווי איהר חבר'טע זעלדע, וואָס האָט מיט א יאָהר צוריק בעגאַנגען זעלבסטמאָרד, ניט געפינענדיג קיין ציעל און קיין גליק אין לעבען.

אך, די דאָזיגע זעלדע איז געוועזען אַזאַ גוטע מיידעל. זי, ליזע, האָט זי אַזוי ליעב געהאַט, איבערהויפט ווען זי פלעגט שמייכלען, עס איז אַ מאָדנער שמייכעל געווען. דאָס אונטער־קליידעל שמייכעלט איצט אויך אַזוי, אָט פונקט ווי זעלדע... און אין גאַנצען ציטערענדיג, שפרינגט זי אַראָב פון בעט, כאַפט אַראָב פון שטוהל דאָס ווייסע אונטער־קלייד און בעהאַלט זי ערגעץ אין א ווינקעל.

זי לעגט זיך צוריק אין בעט און בעקומט געוויסענביסע, וואָס זי, אַזאַ טרייע חבר'טע, וויל זיך בעפרייען פון דער זע־הונג. אַזוי וועט מען אמאָל, אַז זי וועט שטאַרבען, אויך מורא האָבען פאַר איהר געשטאַלט, וואָס וועט אַרויסגערופען ווע־רען אין זכרון ביי איהרע פאָר בעקאַנטע.

און זי שוידערט ביים געדאַנק...

---

אַזוי האָט זיך ליזע געפּלאָגט איינינע נעכט..

און אָפט דאַכט זיך איהר, אַז דאָס ווערט זי געשטראָפט דערפאַר, וואָס זי האָט ענטזאַגט איהר חבר'טע לאָה'קע, מיט וועלכער זי האָט זיך דאָ בעקענט, צו שלאָפען צוזאַמען. לאָה'קע האָט איהר זאָגאר געוואָלט געבען צושטייער אויף די דירה־

געלד, נאָר זי, ליזע, האָט זיך איינגערעדט, אז זי האָט ליעב איינזאמקייט. זי קען ניט זיין אין איין צימער מיט נאָך א מענ־שען...

לאה'קע איז דאָן א ברוגז'ע אוועק. „אָט האָסטו דיר איצט איינזאמקייט!" — שטראָפט זי זיך אליין!

איצט וואָלט ליזע געשלאָפען ניט נאָר מיט לאה'קען, נאָר מיט וועמען עס זאָל זיך ניט מאכען. איז אָבער ווען דו דאַרפסט דעם מענשען, קריגסטו איהם ניט.

און ליזע בעשליסט, אז מאָרגען וועט זי מוזען געהן ערגעץ שלאָפען, זאָל זיין כאָטש צו א בעקענטען מאנסביל, אויב קיין חבר'טעם האָט זי איצט ניט...

זי וועט שוין אויסטראכטען א תירוץ, פאר וואָס זי איז געקומען נעכטיגען. יאָ, זי וועט זאָגען, אז די ווירטהין האָט איהר ענטזאגט פון דער וואָהנונג, און זי איז געבליבען אָהן א צימער, כאָטש נעכטיג אויף דער גאס...

און אויפ'ן צווייטען אָבענד האָט זי אָנגעקלאפט צו איהר בעקאנטען סטודענט, דעם לאנדסמאן, פינקעלשטיין.

די טיהר פון פינקעלשטיין'ס צימער האָט זיך לאנגזאם, ווי מיט פערדאכט, געעפענט און פינקעלשטיין, א הויכער ברייט־ביינינער בחור, דערזעהענדיג ליזע'ן, האָט פער'חדוש'ט אויס־גערופען:

— ליזע! — אזוי שפּעט!

ליזע האָט זיך מאָמענטאן פערלאָרען. זי האָט קוים בעוויזען ארויסצומורמלען:

— לאָזט מיך אריין, נאָכדעם וועל איך אייך דערצעה־לען.

זי האָט מיט וואקלענדע טריט אריבערגעשפרייזט די שוועל און איז שטעהן געבליבען אין מיטען פון קליינעם, אָבער זעהר געמיטליכען סטודענטישען צימערל. די גאז, אין א רונדער גלאָז,

האט רונד און העל געברענט און ווי גאסט־פריינדליך צוגעוואונ־קען.

— וואס איז מיט איך, ליזע — אזוי שפעט ? — האט פינקעלשטיין ווידער געפארשט.

ליזע, געפינענדיג זיך איצט אין דער געזעלשאפט פון א גוטען־בעקאנטען, איז צו זיך געקומען. זי האט שוין געוואלט דערצעהלען די אמת'ע סבה, וואס האט זי אהער געבראכט, נור א קוק טהוענדיג אויף די אנגעווארפענע ביכער אויפ'ן טיש, אויף די שטוהלען און אפילו אויפ'ן פאדלאגע, — האט זי זיך פערשעהמט און געענטפערט נישט זיכער, ווי דער שטייגער איז ווען מען גרייט זיך צו זאגען א ליגען:

— מיין בעל הבית'טע... א העזה.. נעהמט פלוצים און זאגט מיר אב דעם צימער...

— אין מיטען דרינען... — האט פינקעלשטיין זיך נאך שטארקער גע'חדוש'ט...

אבזאגענדיג דעם ערשטען ליגען, איז שוין ליזע'ן בעקוועמער געווארען און זי האט געגעבען די ווייטערדיגע ערקלעה־רונגען אהן שום אבהאלט:

— צו מיר איז ארויף עפעס א בעקאנטער יונגערמאן. זאגט זי, די בעל־הבית'טע, אז זי וויל מיך ניט... עס פאסט איהר ניט... האב איך זיך מיט איהר צוקריעגט און געבליבען אהן א צימער...

— נו, זענט איהר צו מיר געקומען נעכטיגען ? — האט פינקעלשטיין געלאכט — איהר ווילט, אז מיין בעל־הבית'טע זאל מיך אויך ארויסווארפען...

— וועלען מירביידע זוכען א צימער — האט ליזע זיך גע־ווייצעלט, כאטש אויפ'ן הארצען איז איהר ווי א שטיין געלעגען און עס האט זיך איהר געוואלט וויינען אויף איהר עלענדקייט.

— א שעהן געשעפט ! — האט פינקעלשטיין געכוי־מעלט....

ליזע האָט ענדליך דרייסט און שנעל, ווי מען נעהמט איין א מעדיציין, ארויסגעזאָגט:

— איך וועל טאקע היינט נעכטיגען ביי אייך. א יאָ פינקעל־שטיין?...

— ביי מיר? — האָט פינקעלשטיין געשמייכעלט. — איהר זעהט דאָך, איך האָב דאָך בלויז איין בעט...

— נו, מיט אייך צוזאמען טאָר מען ניט? — האָט זי כלומר'שט געלאכט.

פינקעלשטיין האָט אויך געלאכט...

— יאָ, פאר וואָס ניט... ווען איך קען ניט אייער טאָ־טען!...

ליזע האָט אָנגעקוקט דעם ברייטביינערנעם הויכען פינקעל־שטיין און געטראכט:

— אָה, ווי זיכער מען איז, ווען שלאָפט צוזאמען מיט אזא יונג... און פאר וואָס איז ער אזא נאר... א גוטער איז ער דאָך יאָ....

פינקעלשטיין, בעמערקענדיג ליזע'ס פערטראכטקייט, איז געריהרט געוואָרען. ער איז צו איהר צוגעגאנגען, ארויפגעלעגט איהר די האנד אויפ'ן נאקען און ברידערליך זיך אָנגערופען:

— נו, שוועסטער, זאָרג גישט... וועסט האָבען וואו צו שלאָפען.

ליזעס פנים האָט זיך צושטראהלט, זי האָט בעגייסטערט אויסגערופען:

— איך וויים שוין פון לאנג, אז איהר זענט א גוטער...

און אין איהר דמיון האָט זיך שוין געמאָלט דאָס גליק, ווי אזוי זי וועט די דאָזיגע נאכט פריי ווערען פון דעם טויט־שרעק. וואָס האָט איהר די לעצטע נאכט געפייניגט. זי וועט אזוי רוהיג שלאָפען!

פינקעלשטיין, וועלכער איז אין זיין צימער געווען אָהן א ראָק, האָט גענומען אָנטהון דעם ראָק.

— צו וואָס טהוט איהר זיך אָן? — האָט ליזע ווי אונ־רוהיג געפרעגט:

— איך לאָז אייך איבער דאָס צימער און איך געה שלאָ־פען אין א האָטעל...

ליזע איז בלייך געוואָרען... זי האָט קוים אויסגערעדט:

— צו וואָס? צו וואָס?...

— וואָס הייסט? האָט פינקעלשטיין גוטהערציג געשמיי־כעלט, ווי באַלד, אַז איהר האָט ניט וואו צו שלאָפען.. אייך וועל איך דאָך אין א האָטעל ניט שיקען, נאַטירליך...

ליזע האָט געוואָלט פרעגען:

— און צוזאַמען! פאַר וואָס ניט צוזאַמען?...

אָבער בעמערקענדיג זיין עהרליכען, צנועה'דיגען פנים, האָט זי בעגריפען, אַז ער וועט דאָס בלויז אַנגעהמען פאַר א וויץ און זי האָט געשוויגען...

אין א ווײַלע אַרום איז שוין פינקעלשטיין געווען אַנגע־טהון און גרייט אוועקצוגעהן. ער האָט אָבער געפיהלט פאַר זיין פליכט פאַר זיין אוועקגאַנג צו זאָגען איהר א פּאָר פריינדליכע ווערטער.

— איך האָף, אַז אייך וועט ניט זיין אומעטיג.

— אָ, ניין! האָט זי ווי היסטעריש געלאַכט — אומעטיג גאָר!... מיר איז קיינמאָל ניט אומעטיג — און האָט זיך ווילדער צולאַכט...

— און טאָמער איז אייך אַליין אומעטיג — האָט פינקעל־שטיין זיך געוויצעלט, ווי זיין שטייגער איז — איז אָט זעהט איהר דאָס קעפּעל פון סקעלעט, וועלכען איך שטודיר... ער וועט אייך כי... כי... אַמוזירען...

און איידער ער האָט בעטראַכט די טויט־בלאַסקייט, וואָס האָט בעדעקט ליזעס געזיכט, איז ער, זאָגענדיג א גוטע נאַכט, אַרויס פון צימער מיט א גוטען שמייכעל, צופריעדען פון זיין גאַסט־פריינדליכקייט...

ליזע האָט זיך אומגעקוקט און האָט דערזעהן אויפ׳ן ראַנד פון קאַמין שטעהן דעם קאָפּ פון אַ סקעלעט. די צוויי לעבער אויגען האָבען אויף איהר ווילד געקוקט. עס האָט זי אָנגעכאַפּט אַ דורכדרינגענדער שרעק... זי האָט זיך געוואָרפען צום טהיר און געוואָלט שרייען:

— פינקעלשטיין! פינקעלשטיין!

עס האָט איהר אָבער די שטים ניט געדיענט און אין גרויס פערצווייפלונג האָט זי זיך געוואָרפען צום קאַמין, גענומען דעם סקעלעט אין האַנד, אַריינגעקוקט אין זיינע לעבער־אויגען און ווי זיך געררייצט:

— אַ, איצט האָב איך שוין קיין מורא ניט!

# די ענטדעקונג.

## 1.

צו דרייצעהן יאָהר האָט שוין לאה געטראַכט וועגען א תכלית. אָבער דעם דאָזיגען תכלית האָט זי אין איהר אייגענער געבורטס־שטעדטעל נישט געקענט דערגרייכען. דער טאַטע, אן אָרימער תבואה הענדלער, האָט איהר מעהר ווי אן אָרט וואו צו שלאָפען נישט געקענט געבען. און כאָטש דאָס אָרט איז געוועזען קליין און בעשריינקט, ערגיץ צופוסענס פון א דערוואקסענעם מיטגליעדער פון דער פאמיליע, האָט לאה אויפ׳ן דאָזיגען אָרט, איידער זי איז איינגעשלאָפען, גרויסע געביידען געבויט. אין דער פריה זיינען די געביידען צופאלען, אבער אויף דער נאכט זיינען זיי ווידער אויפגעשטעלט געוואָרען נאָך העכער, גרעסער און פאנטאסטישער.

און מאנכמאָל פלעגט זי אויך ביי טאג טראכטען פון די געבויטע גליקען ביי נאכט — פלעגט איהר דאָ דער פערביטערטער טאַטע, דאָ פאר דער צייט פערעלטערטע מאמע איינמאָל און צוויי מאָל און דריי מאָל רופען:

— וואָס חלום׳סטו?... עס איז דאָ גענוג ארבייט אין שטוב...

פלעגט לאה א שמייכעל טהאָן פול מיט בעדייטונג, ווי זי וואָלט שוין אזוי אלט און אזוי קלוג געוועזען ווי טאטע און מאמע און פלעגט ענטפערען:

— איך חלום גאָר ניט.. איך טראכט...

— וואלט איך געוואלט וויסן, וואס דו טראכסט? — פלעגט דער טאטע ווערן טשיקאווע.

און די מאמע פון איהר זייט פלעגט נאך בייזער ווערן:

— זי טראכט... פרעג וואס טראכט זי... ביי לייטן אזא מויד איז א ברכה אין א שטוב, וואשט שוין גרעט אליין — און זי — גאר גישט... פרעג איהר בחרם!

אבער די אלע שטעכווערטלעך פון טאטע און מאמען און אפילו פון די עלטערע ברידער און שוועסטער האבן לאה'ן מיעף ניט אנגעריהרט. זי איז געבליבן ביי איהרס: בעפרייען זיך פון דעם דאזיגן ארימען שטיבעל, פון די דאזיגע מענשען און אוועקפליהען...

וואוהין און צו וואס און צו וועמען — האט זי דייטליך נישט געוואוסט.

פאר איהרע אויגען האט זיך עפעס געטראגען א גרויסע שטאדט, מיט גרויסע ווייטע הייזער, מיט א סך מענשען און אלע מענשען לויפען און איילען און יעדער מענש טראגט אונטער'ן ארים א בוך...

אזוי ווי דא דעם אפטייקער'ס ווייב, אדער די אקושערקע, אויף וועלכע אלע קוקען ווי אויף א בייזען וואונדער...

אויסער זי, לאה.

זי שלינגט זייערע בעוועגונגען, ווען זי זעהט זיי אמאל דורכגעהענדיג דורך זייער געסעל.

זיי זייגען גרויסשטאדטיגע, געלערענטע און געווים גליק־ליכע.

איבערהויפט די אקושערקע!

די גאסיגע מיידלעך לאכען פון איהרע געשארענע האר. די עלטערע אידען שילטען זי, וואס זי וואוינט ביי א גוי אין א שטיבעל אין עק גאס און עסט אודאי טרפות. אבער זי, לאה, איז איהר אלץ מוחל. זי האט זי אפילו ליעב.

עס קען זיין אז דאָס איז א זינד, אזא ליעב צו האָבען, אָבער זי קען זיך נישט העלפען.

זי וואָלט נור געוואָלט אויך אזוי „קענען" ווי די אָקור־שערקע.

אָבער ווי אזוי? מעהר ווי דאוונען אין א גראָבען סדור וואו זי פערשטעהט איין וואָרט נים, האָט מען איהר נישט גע־לערנט. אויסלערנען איהר דאוונען אין דאָזיגען גראָבען סדור האָט געקאָסט דעם טאַטען ביי פינף גילדען. פינף חדשים האָט זי געלערענט א שעה אין טאָג ביי דבורה דער רביצין... דער טאַטע האָט יעדען חודש ארויסנעהמענדיג דעם גילדען, גע־זיפצט:

— נאָדיר נאָך פאר א מיידעל צאָהלען! טאָמער איז ווע־ניג פאר די אינגלעך שכר לימוד...

פרעג ווער האָט איהם געבעטען.

אָט ווען ער וואָלט זי אָבגעגעבען צום רוסישען לעהרער לערנען זיך רוסיש!...

רוסיש קען זי נאָר איין וואָרט... ניין. צוויי... זדראַסטוואוי־טע און פאַזשאַלוסטאַ... זדראַוסטוואויטע איז גוטמאָרגען און פאַזשאַלוסטא איז זייט־זשע מוחל... אָ, ניין. זי קען נאָך א וואָרט... פראַטשאַיטע... זיי געזונד...

פאַזשאַלוסטאַ... זדראַוסטוואויטע... פראַטשאַיטע...
אזוינע שעהנע ווערטער! אבער דאָס איז אזוי ווענינ!
ווען זי קען זיך לערנען רוסיש, לייענען א בוך!...

## 2.

עס איז געווען א זומער פאר־נאַכט. לאה איז געשטאַנען א באָרפיסע נעבען דעם טאַטענס שטיבעל און טיעף אריינגע־טראַכט אין זיך. הינטער איהר אויף א באנק איז געזעסען דער טאַטע און געשמועסט מיט דעם שכן אהרן לייזער'ן.

דער שמועס איז געווען ווייט און פרעמד. אַט איז איהר פערבייגעפלויגען א וואָרט, א צווייטעס און פּלוצלונג האָט זי זיך נעהענטער צוגערוקט צו זיי און זיך איינגעהערט: איז דאָס מעגליך — זיי רעדען וועגען דער אקושערקע...

— העו אביסעל... זי געהט מאכען א שקאַלע פאר קינדער... פאר מיידלעך... — דערצעהלט דער טאַטע...

— ווער־זשע וועט איהר נעבען קינדער?... לאכט אהרן לייזער...

דער טאַטע לאכט צוריק:

— וויים איך... און אפשר וועלען זיך געפינען משוגעים...

לאה האָט זיך קוים איינגעהאלטען נישט צוצוגעהן צו די צוויי פרעמדע אידען, פון וועלכע איינער איז איהר טאַטע און א פרעג טהאָן:

— טאַקע אויף אן אמת — פאר מיידלעך!

און די דאָזיגע נאכט האָט לאה ניט געקענט איינשלאָפען. אין קאָפּ האָבען זיך איהר געבאָמבעלט די דריי רוסישע ווער־טער: זדראסטוואויטע, פּאָזשאַלוסטא און פּראַטשאַיטע, און אז זי איז שוין איינגעשלאָפען האָט זי פון שלאָף מיט א שמייכעל אויף די ליפּען גע׳חזר׳ט:

— פּראַטשאַיטע!...

3.

אין א האלב יאָהר ארום איז שוין לאה ארומגעגאַנגען אי־בער׳ן קליינעם שטיבעל און גע׳חזר׳ט:

„פּטישטקא באָזשיא נע זנאיעט

„ני זאבאָטי ני טרודא...

און דער טאַטע און די מאַמע האָבען איהר געשטורכעט:

— וועסט שוין אויפהערען ארומצולויפען ווי א מושגענע?..

און די אינגערע שוועסטערל האָט איהר איבערגעקרימט:

— פיצקא... פיצקא...

אבער לאה'ן האט דאס ניט געארט... באלד וועט דאך זיין ווארים. וועט זי מיט'ן ביכעל ארויסגעהן הינטער'ן שטעדטעל און דארט וועט זי זיך ערשט נעהמען.

און שפעטער — זאגט די אקושערקע — וועט זי איהר אויסקשיקען אין דער גרויסער שטאדט און ערשט דארטען וועט זי זיך לערנען. אלע יאהר א קלאס. און אז זי וועט זיך לערנען אזוי זעקס יאהר וועט זי דורכגעהן זעקס קלאסען גימנאזיע און אין גימנאזיע וועט זי גאר נישט דארפען געהן... זי וועט זיך זיצען אין א צימערעל און לערנען זיך און איינמאל אין יאהר וועט זי אבגעבען עקזאמען, וועט דאס זיין פונקט, ווי זי וואלט געגאנגען אין גימנאזיע, און נאכדעם וועט זי קריגען אזא דיפ־לאם וועט זי פאהרען אין נאך א גרעסערער שטאדט און ערשט דארט וועט זי זיך לערנען נאך דריי יאהר וועט זי ווערען אן אקושערקע... צו דריי־און־צוואנציג יאהר קען זי שוין זיין אן אקושערקע...

## 4.

די נביאות פון דער אקושערקע איז טהיילס מקוים געווא־רען. לאה איז טאקע אין א יאהר ארום אוועקגעפאהרען אין דער גרויסער שטאדט, אבער אנשטאט צו בעקומען דעם דיפ־לאם צו צוואנציג יאהר האט זי איהם געקראגען ערשט צו פיער־און־צוואנציג. אקושערקע איז זי ערשט געווארען צו אכט־און־צוואנציג יאהר.

ערדייכענדיג איהר ציעל האט זי ערשט דערפיהלט, אז ניט דאס האט זי געציעלט. אין איהר קליינעם צימער איז איהר גע־ווען אומעטיג. און עס האט איהר געצויגען צו מענשען, צו דער גאס, צו פערזאמלונגען, צו טהעאטער און בכלל צו פרעהליכע געזעלשאפטען.

איינמאָל איז זי געוועזן אויף א באַל. די יונגע פאַרלעך האָבן געשוועבט איבער׳ן גרויסען זאַל, ווי זיי וואָלטען געוואָלט ערגיץ ארויסשוועבען אין אַן אנדער וועלט... דער קרייז פאַר די טענץ איז אָבער געווען א בעגרענעצטער, זיי האָבען זיך גע־דרעהט אלץ אויף איין אָרט און מיעד ווערענדיג פלעגען זיי מעהר אנידערפאַלען ווי אנידערזעצען זיך אויף די שטוהלען, וואָס זיי־נען געשטאַנען ביי די ווענט... לאה האָט געהאט אויפ׳ן באַל פיעל בעקאַנטע, אבער ביים טאַנצען זיינען זיי אלע צולאָפען, ווייל לאה האָט ניט געהאט קיין געלעגענהייט זיך צו לערנען טאַנצען. מיט דאָרשטיגע בליקען האָט זי צוגעקוקט ווי פיעל פון איהרע בעקאַנטע יונגע לייט כאַפען ווילד־פרעמדע מיידלעך און זי, לאה׳ן, אַן איינענע, לאָזט מען איבער אליין און נאָר דערפאַר וואָס אנשטאָט צו לערנען זיך העכסטענס צוויי מאַנאטען טאַנצען, האָט זי איהרע אלע יונגע יאָהרען אוועקגע־געבען נאָר פאַר איין שטיקעל פאַפיער, וואָס עס גיט איהר דאָס רעכט צו צונעהמען קינדער ביי געוויינערינס...

אין דער צייט פון דער פּאוזע איז צו איהר צוגעגאַנגען בערמאַן, איינער פון איהרע נעהענטערע בעקאַנטע, דער אַנ־פיהרער פון די טענץ. ער האָט ווי פערשולדיגט איהר אָנגעקוקט און געזאָגט:

— עס טהוט מיר זעהר לייד, ליזא, וואָס איהר טאַנצט ניט...

לאה האָט טרויעריג א שמייכעל געטהאָן און געענטפערט:

— און מיר נאָך מעהר...

דער יונגער מאַן האָט זיך דערפיהלט אונבעקוועם, האָט אראָבגעלאָזט די אויגען אויף דער ערד, צוריק אויפגעהויבען, בעטראַכט לאה׳ן און ענדליך ווי אַן ענטדעקער זיך אָנגערופען:

— אַך, מיין גאָט, איהר האָט וואונדערליכע פיס!...

לאה איז ווי געוואָרען איבערראַשט און פאַרלעגען איבער־געפרעגט:

— וואָס מיינט איהר דערמיט?...

אָבער אנשטאָט צו ענטפערען האָט בערמאַן געהאַלטען אין איין בעטראַכטען לאה'ס פיגור און ווידער זיין ענטציקונג פאָרט־געזעצט:

— ווערליג איך קען פערשיעדענע טענצערינס און ווערליג איך וויים אין וואָס בעשטעהט זייער געשיקטקייט, בין איך זי־כער, אז לויט אייער פיגור וואָלט איהר געווען א בעריהמטע טענצערין...

לאה האָט זיך פון דער דאָזיגער ענטדעקונג מאָרנע דער־שראָקען. זי האָט קוים געקענט אויסריידען:

—איהר מיינט עס ערנסט?...

— זיכער! איהר האָט געהאַט אַלע אייגענשאַפטען צו זיין א גרויסע טענצערין...

— א גרויסע! — האָט לאה מיט שרעק אויסגעשריען.

— זעהר, — האָט זיך בערמאַן בעגייסטערט. — אייער פיגור, אייערע פיס, דער גאַנצער געבוי פון אייער קערפער איז בעשאַפען צום טאַנצען... איהר וואָלט געווען א בעריהמטהייט...

און איידער לאה האָט געהאַט צייט צו ענטפערען וואָס עס איז און איבערפרעגען ווי ווייט ער זאָגט אמת האָט דער „טראַמ־באַן" געגעבען סיגנאַלען צו א נייעם טאַנץ.

און בערמאַן איז, לייכט ענטשולדיגענדיג זיך פאַר לאה'ן, פערשוואונדען אין טאַנץ זאַל.

## 5.

קומענדיג אהיים אין איהר צימערל איז שוין געווען טאָג...

לאה האָט אראָבגעלאָזט די פאָרהאַנג איבער'ן פענסטער, זיך אויסגעטהאָן און בלייבענדיג אין איין העמד האָט זי זיך גע־שטעלט נעבען שפּיגעל און בעטראַכט איהר קערפּער.

זי האָט זיך געשטעלט קעגען שפּיגעל אזוי, אז זי זאָל זיך קענען זעהן אין גאַנצען.

ווירקליך! אט זעהט זי איהרע פיס, ווי שלאנק, בויגיג און לאנג.

זי האט עס גאר ביז אהער ניט געוואוסט. איהר גאנצע יו־גענד האט זי פערבראכט גאר אויף אזוינס, וואס איז ניט איהר בערוף.

איהר בערוף איז גאר געווען צו זיין א גרויסע טענצעריז.

איצט וויים זי שוין זיכער...

פארוואס־זשע האט עס איהר פריהער קיינער ניט געזאגט!

זי האט זיך געלאזט איבער'ן קליינעם צימער טאנצען און האט בעטראכט אין שפיגעל איהר יעדע בעוועגונג...

געוויס... זי איז אזוי לייכט! זי וואלט געווען א גרויסע טענצעריז, אט פונקט ווי יענע, וועלכע זי האט געזעהן טאנצען ניט לאנג צוריק אין דער אפערא.

וואס בלומען יענע האט בעקומען!

זי וועט עס שוין קיינמאל ניט דערגרייכען. און א לאנגע צייט האט זי זיך געדרעהט ארום שפיגעל און געפרופט נאכמא־כען די בעוועגונגען פון יענער טענצעריז...

# קאמפלימענטען.

(דערצעהלט פון א געוועזענע רעוואָלוציאָנערין)

אין יענער צייט — מיר דאכט זיך עס איז שוין אזוי לאנג — בין איך נאָר וואָס אריינגעטראָטען אין דער בעוועגונג. איך בין אַלט געוועזען אין גאנצען אכצעהן יאָהר. אבער אויסגעזעהן האָב איך נאָך אינגער. איצט בין איך שוין א מוטער פון צוויי קינדער. האָב שוין פערלאָרען יענע צארטע עדעלע מיידעלשע פיגור. דאַן בין איך געוועזען — אזוי געדענק איך מיך. און אזוי האָט מען וועגען מיר געזאָגט — דאַן בין איך געוועזען צארט און אונשולדיג ווי א ליליע.

און די פּארטיי, אין וועלכע איך בין דאַן אריין צו ארבייטען איז געוועזען די געפעהרליכסטע. זי האָט אנערקענט דעם טעררשאַר אויפ'ן העכסטען גראַד. נאַטירליך, האָב איך די דאָזיגע פּארטיי ניט אויסגעוועהלט מיט מיין גוטען ווילען, פון מיינעטוועגען וואָלט איך אפילו געקענט ארבייטען ביי די פּועלי ציוניסטען... אויב נאָר מיין חבר'טע, פּיעל עלטער און ערפאַהרענער פון מיר, וואָלט אויך אהין געהערט. מיין חבר'טע אבער, ביילקע, האָט געגלויבט צום אמת'ען קאמפף. איך בין איהר בלינד נאָכגעגאנגען און בלינד געהאָרכזאם געוועזען.

מיט א קלאפּענדען הארצען בין איך דאָס ערשטע מאָל מיט איהר אריין אין אן ענגער געשלאָסענער געזעלשאַפט, וועלכע איז בעשטאַנען פון פיער מענער און צוויי פרויען, אויסער מיך און מיין חבר'טע ביילקע. איך בין פון ביילקען פארגעשטעלט

געוואָרען אלס א נייע קראפט, וועלכע קען זעהר צוניץ קומען פאר וויכטיגע ארבייט.

איינער פון די פיער מענער, א הויכער יונג, מיט בלוט שפריצענדע באקען און שווארץ־גליהענדע אויגען, מיט נאָר וואָס שפראָצענדע שווארצע וואָנסעלעך, האָט מיך מיט א שטרענגע פריינדשאפט אָנגעקוקט, מיר אויסגעצויגען זיין ברייטע אָבער זעהר ווייכע האנד און געזאָגט:

— איך האָף, אז איהר וועט זיין א גוטע שוועסטער... איך הייס „באָריס".

זיינע ווערטער, וואָס זיינען געווען אָפענהערציג און וואַרים, האָבען מיך ווי היפנאָטיזירט. איך בין געוואָרען, לויט איך האָב דערפיהלט, שטארק רויט, און קוים אין שטאנד געווען צו ענטפערען:

— איך וועל מיך בעמיהען צו פערדיענען אייער צוטרוי.

אוועקגעהענדיג פון דער דאָזיגער נייער געזעלשאפט, האָט פאר מיר דעם גאנצען וועג געשוועבט דאָס געזיכט פון דעם יונג, וואָס הייסט באָרים. אויף מיין געלעגער האָב איך אליץ גע־טראכט, ווי אזוי קען איך עפּעס טהאָן אזוינס, וואָס זאָל בע־ווייזען דעם דאָזיגען באָרים'ען מיין טרייהייט און איבערגע־בענהייט דער רעוואָלוציע, פון וועלכער ער איז דער גרעסטער פאָרשטעהער.

פול מיט מוטה און ענערגיע בין איך אויף מאָרגען אויפגע־שטאַנען. אוועק צו דער חבר'טע, און נאָך א פערזענליכען קור־צען געשפרעך, האָב איך מיר צו איהר געווענדעט:

— ווי געפעלט דיר באָרים?

ביילקע האָט מיך שטרענג אָנגעקוקט און געענטפערט:

— וואָס הייסט ווי געפעלט ער מיר... איך דארף דען מיט איהם א ליעבע פיהרען?...

איך האָב מיך פון איהר ענטפער מאָדנע דערשראָקען. מיר האָט זיך געדאכט, אז זי איז ארייגעדרונגען צו מיר טיעף אין

הארצען און פון דארטען ארויסגעגריבעלט דעם סוד...

„מיין גאָט" — האָב איך זיך אין געדאנק גע׳מוסר׳ט — „עס איז דאָך א שרעקליכע חרפּה". איך האָב אָבער זיך גלייך געפונען און ענערגיש זיך אָנגערופען:

— איך ווייס, אז דו ביזט ניט פון די וואָס פערליעבען זיך, און באָרים איז ניט דער וואָס פיהרט ליעבעס. איך האָב נאָר געמיינט, ווי געפעלט ער דיר אלס קעמפּפער... פערשטעהסט ? ! אלס קעמפּפער...

— נו, יא ! — פרעגסט נאָך ! — איז ביילקע ווייכער געוואָרען — ווערסט מעהר „ארבייטען" וועסטו זעהען ווער ער איז און צו וואָס ער איז פעהיג.

אין א פּאָר טעג ארום האָב איך זיך מיט איהם געטראָפען אויף דער בירזשע. ער האָט מיך גלייך דערקענט און אָנקוקענדיג מיך מיט זיינע גליהענדע אויגען, האָט ער מיך אָבגערופען אַן א זייט, און געזאָגט:

— קומט צו מיר אהיים, איך דארף אייך טאַקי נויטיג האָבען...

איך בין פאר פרייד ווי פערגליווערט געוואָרען: צו איהם אהיים — איינע אליין ! א גרויסע נייגעריגקייט האָט מיך ווי בעהערשט, און איך בין איהם נאָכגעלאָפען, ווי א קינד לויפט נאָך נאָך א טאַטען, מיט מורא און מיט ליעבע...

דורכגעהענדיג עטליכע פערוואָרפענע געסלעך, איז ער שטעהן געבליעבען ביי א גרויסען הויף; ער האָט זיך אומגעקוקט אהינטער, און שנעל זיך אָנגערופען: — קומט אריין.

ער האָט מיר ארויפגעפיהרט אין א פינסטערען קאָרידאָר און איז געשטיגען אויף טרעפּ; איך נאָך איהם. ענדליך איז ער שטעהן געבליעבען ביים לעצטען שטאָק. דאָס איז געווען שוין דער בוידעם פון הויז, וועלכעס האָט געהאַט א קליין סאלקעלע. אהין האָט ער מיר אריינגעפיהרט, ניט רעדענדיג מיט מיר קיין איין וואָרט...

ער האָט פּאַרזיכטיג אָנגעצונדען פייער. זיך אנידערגעזעצט און געהייסען אויך מיר צו זעצען זיך נעבען איהם. ער האָט מיך אָנגעקוקט, בעטראַכט עטליכע מאָל און געזאָגט, ווי צו זיך אליין:

—יא, איהר וועט דערצו זיין גוט... איהר זעהט אויס ווי א בת מלכה...

איך האָב מיך צולאַכט פון דעם קאָמפּלימענט און האָב געזאָגט:

— דאַכט מיר, איך געה אָנגעטהאָן גאנץ געוועהנליך...

— אייערע אויגען אָבער, די טרוימישע אויגען, און דאָס ווייס דורכזיכטיג פּנים'ל... ווי געוואונשען!

פון די צווייטע קאָמפּלימענטען האָב איך זיך נאָך מעהר צולאַכט; אין הארצען אָבער האָט מיר הנאה געטהאָן, וואָס אויך באַרים קען מאַכען קאָמפּלימענטען... איך האָב געוואונשען, אזביילקע זאָל דאָ זיין און הערען... זאָל זי ניט מיינען, אז באַרים ווייס שוין גאר ניט, וואָס שעהן איז. איך אָבער האָב מיך אליין געסטאַרעט צו אָבלייקענען:

— איהר זייט זיך טועה, חבר באַרים... איך בין ניט אזוי שעהן, ווי איהר מיינט...

— אַך, וואָס רעדט איהר... — האָט ער זיך צוקאַכט און מיך בעטראַכט פון אלע זייטען — איהר זייט ווי געבוירען פאר מיר... איך דאַרף אייך אזוי נויטיג... אזוי נויטיג...

און אָנקוקענדיג מיך ווייטער, האָט ער מיט ענטציקונג אויסגעשריען:

— איהר זייט א בת־מלכה! אזוי עדעל, אזוי צאַרט...

איך בין פון די אויפריכטיגע קאָמפּלימענטען ווי פער־שעהמט געוואָרען, האָב איהם אָבער אָנגעקוקט שוין פיעל דרייס־טער און זיך אָנגערופען:

— איהר קענט אויך קאָמפּלימענטען מאַכען!...

ער אָבער איז געשטאַנען נעבען מיר ווי צוקאַכט און האָט אָבגעווענדעט מיינע ווערטער:

— וואָס זאָגט איהר קאָמפּלימענטען... וואָס רעדט איהר נארישקייט... אייערע האָר, אמת'ע זייד...

ער האָט מיינע לאָקען אָנגעטאַפּט מיט'ן האנד און האָט זיך ענטציקט פון זייער ווייכקייט, און איידער איך האָב צייט געהאט אבצואווענדען זיך, האָט ער בעגייסטערט אויסגעשריען:

— אך, איהר ווייסט, ווי אזוי איהר זאָלט זיי פערקאמען...

„הייסט עס א בחור ווי אלע בחורים" — האָב איך א טראכט געטהאן. אבער אָנקוקענדיג זיינע גליהענדע אויגען, איז ער מיר דאמאָלסט — איך אָנערקען איצט מיין שוואכקייט — אזוי געפעלען געוואָרען, אז איך האָב זיך אין גאנצען פארגעסען און געפרעגט קאָקעטיש:

— ווי מיינט איהר וואָלט בעסער געפּאסט?

— פערקעמט זיי „סעצעסיע" — איבער די אויערען און איבער די רויטע בעקלעך. דאמאָלסט וועט איהר זיין זיכער מיט ערפאָלג...

איך האָב איהם געפאָלגט, האָב גלייך אין זיין אנוועזענ־הייט זיך איבערגעקעמט..

אז איך בין געוואָרען פארטיג מיט דער נייער פריזור, האָט ער מיך ווידער בעטראכט און איז נאָך מעהר ענטציקט גע־וואָרען פון מיר:

— איהר זייט פאר מיר א גליק...

איך האָב פערשעהמט אראָבגעלאָזט די אויגען און גע־ווארט, אז אָט אָט פאלט ער צו מיר צו און גיט מיך א קוש, וועל־כען — איך בין ווידער מודה מיין זינד — איך האָב שטארק, שטארק געגארט...

נאָר אנשטאט א קוש, איז ער אָבגעגאנגען פון מיר צום בעט, זיך איינגעבויגען און פון דארט ארויסגענומען א קליין

פעקעלע, און האלטענדיג עס אין האנד האט ער זיך צו מיר געווענדעט:

— הערט, חבר'טע... אט דאס איז נישט מעהר און נישט ווענינער, ווי א באמבע...

איך בין פאר שרעק שיער נישט אומגעפאלען, ער אבער האט מיך שטרענג אנגעקוקט און זעהר שטיל געזאגט:

— די באמבע מוז מען איבערטראגען אויף אן אנדער וואהנונג... איהר פערשטעהט... איהר זייט פונקט אנגעמאס־טען... אייער גאנצער אויסזעהן איז אזא, וואס לאזט ניט צו קיין חשד פאלען אויף אייך. איהר וועט נעהמען א דראשקע און עס אוועקפיהרען... נאר פארזיכטיג...

און מיט די ווערטער האט ער מיר מיט גרוים פארזיכטיג־קייט איבערגעגעבען דאס קעסטעלע, געזאגט מיר ווי אזוי צו טראגען עס ביז צו דער דראשקע און מיר געהייסען געהן.

איך האב ניט געהאט קיין מוטה צו אויסרעדען אנטקעג־גען א ווארט... איך בין שטיל ארוים פון צימערעל און מיט גרוים שרעק עס געטראגען איבער'ן הויף.

ביים הויף איז געשטאנען א דראשקע. איך האב מ'ך אריינגעזעצט און געהייסען פאהרען צום אנגעוויזענעם אד־רעס.

אז איך בין געקומען אויף מארגען אין אבענד צו איהם, האט ער מיר שוין קיין קאמפלימענטען ניט געמאכט, ער האט מיר נאר געדריקט די האנד און געזאגט:

— איהר זייט א וואוילע חבר'טע... איהר וועט צוניץ קור־מען...

און איך בין אויך מיט דעם קאמפלימענט צופריעדען גע־ווען...

אָבער טיעף אין הארצען האָב איך געבענקט נאָך די נעכ־טיגע קאָמפּלימענטען... אזוינע אָבער האָב איך שוין מעהר פון איהם ניט געהערט: מעהר קיין באָמבעס האָב איך ניט געדארפט אריבערפיהרען, און מיין שעהן פּנים, מיינע טרוימערישע אויגען און מיינע זיידענע האָאר איז איהם שוין מעהר ניט אָנגע־גאנגען...

# כלות.

נאך אלם קינד האט שוין ליפמאן געהאט א כלה.

דאס איז געווען חנה'לע, לייבע דעם קרעמערס אינגסטע טאכטעריל. זיי זיינען געבארען געווארען אין איין נאכט און ביידענס עלטערן האבען האלב אין שפאס, האלב אין ערנסט, אין א פאר וואכען ארום זיי פערקנאסט.

און אזוי איז די דאזיגע חנה'לע געווען ליפמאנס כלה ביז צוועלף יאהר. נאכדעם, נעהענדיג צו איין לעהרער זיך לערנען לעזען און שרייבען, האט זיין יונגעס הערצעל אנגעהויבען צו ציהען צו אן אנדער מיידעלע, וואס איז געווען א בלאנדע, מיט בלויע אויגען און גאלדענע לאקענדלעך און האט זעהר חן'עוודיג געשמייכעלט, ארויסווייזענדיג איהרע צוויי מילך ווייסע שניר־לעך צייהן.

דאן איז ער צו חנה'לען וואס א טאג קעלטער און קעלטער געווארען. ביז ער האט זיך מיט איהר אין גאנצען צוקריגט און ער האט זי אוועקגעווארפען.

אוים כלה...

חנה'לע האט זיך געמאכט, ווי עס ארט איהר ניט. פער־קעהרט, זי האט גאר אין גאנצען אפגעלייקענט, אז זי איז ווען געווען זיין כלה. מאלע וואס טאטע און מאמע האבען גע־שפאסט!

אבער ווען ליפמאן האט זיך א גאנצען יאהר גע'חבר'ט מיט דער בלאנדער מיידעלע און זיך געקושט מיט איהר, זיענ־

דיג ביי'ן טיש אין דעם לעהרערס הויז, אָדער צוריקגעהענדיג צוזאמען א היים מיט די פערשריעבענע העפטען אונטער די אָרעמס, — איז חנה'לע אלץ געוועזן אליין און האָט אן אנדער אינגעל, אלס חבר, ניט געקענט קריגען, און זי האָט מיט רוגזא געקוקט אויף אלע איהרע בעקאנטע פון ביידע געשלעכטען, ווי זיי אלע וואָלטען געוועזן שולדיג אין איהר פערלאָזענקייט...

אז זי האָט שפּעטער בעמערקט ווי ליפּמאן איז אויך צו זיין נייער חבר'טע קאלט געוואָרען, האָט זי זיך געטרייסט, אז ער וועט ווידער קומען צו איהר, צו חנה'לען. זי האָט זיך אָבער טועה געוועזן. ליפּמאן איז שוין געוואָרען א גאנצער מחותן מיט דער שווארצער גרונעלען. דאָס האָט שוין חנה'לע איהם ניט געקענט מוחל זיין און האָט איהם שטילערהייט געשאָלטען...

אָבער ליפּמאן האָט אויך מיט דער שווארצער גרונה'לען ערנסט ניט געמיינט. די ערשטע טעג איז זי איהם טאַקע געפע־לען געוואָרען, אבער נאָכדעם האָט ער ערפאהרען, אז די דאָזיגע גרונה האָט עפּעס א מאָדנע צונעמעניש, וועלכע האָט אין זיינע אויערען געקלונגען זעהר ניט אייגנענעהם. איז ער געוואָרען אויס מחותן אויך מיט איהר.

אָבער לאַנג אַהן א חבר'טע איז דער דרייצעניאָהריגער בחור'ל ניט געוועזן.

די דריי פערלאָזענע מיידעלעך האָבען טאַקע קיין אַנדערע נאָהענטע חברים ניט געקראָגען און זיי אלע דריי האָבען זיך גע'חבר'ט, אויסרעדענדיג דאָס הארץ אויף ליפּמאַנען און שווע־רענדיג מיט כל השבועות, אז זיי האָבען איהם פיינט, ווי דעם טויט, — אבער ער, ליפּמאן, האָט זיי ניט געבענשט, ניט גע־שאָלטען, ניט געריהמט, ניט געזידעלט, — ער האָט זיי גאָר ניט דערמאָהנט, ער האָט גאַנץ לייכט פערטשעפּעט דאָס הער־צעל פון שלמה וואָלף דעם נגיד'ס טאָכטער, פייגעלע.

דאָס איז געוועזן אן אמת'ער טריאומף!

ערשטענס, איז פייגעלע געווען דאָס שעהנסטע מיידעל אין גאַס, צווייטענס איז זי געגאַנגען אין „שקאָלע", און ניט צו א פּריוואַט לעהרער, ווי ער מיט זיינע פריהערדיגע חבר'טעס. דריטענס איז טאַקע דער יחוס אליין פאר ליפּמאַנען א סך ווערט געווען. ער חבר'ט זיך מיט דעם נגיד'ס טאָכטער.

די בעקאַנטשאַפט מיט פייגעלען האָט אָנגעהאַלטען א דריי יאָהר. ער איז שוין געווען א בחור פון זיבענצעהן יאָהר, שלמה וואָלף איז פאר די דריי יאָהר ארימער געוואָרען, ליפּמאַנס טאַ־טע איז דוקא אויפגעקומען. פייגעלע אליין איז אויך אין זיינע אויגען מיאוסער געוואָרען און ענדליך איז ער פון איהר אוועק־געגאַנגען...

צו אכטצעהן יאָהר האָט ער שוין געקוקט ערנסט אויף דער זאַך.

סתם בעקאַנטשאַפט האָט ער אויסגעמידען. ער האָט גע־קוקט אין תוך אריין. נעהמען א כלה!

און שפּעטער האָבען זיך שוין אריינגעמישט שדכנים, די עלטערן, און ליפּמאַן איז אַלע פאַר וואָכען געוואָרען א חתן און געוואָרען אוים חתן...

ער האָט געבראַקירט...

געבראַקירט האָט ער די כלות, וואָס שדכנים האָבען איהם גערעדט, געבראַקירט האָט ער די מיידלעך, מיט וועלכע ער האָט זיך אליין בעקענט, אויפגעהערט צו ליעבען די יעניגע, וועלכע ער האָט די ערשטע וואָך שטאַרק געליעבט.

— א מאָדנע זאַך! האָט ער זיך אמאָל בעריהמט פאר זיי־נעם א חבר. מיך האָט נאָך א כלה קיין מאָל ניט אָבגעזאָגט, א געליעבטע ניט אויפגעהערט צו ליעבען... א י ך וואַרף זיי אַלע אוועק!...

און ער האָט זיך צולאַכט...

ענדליך האָט ליפּמאַן חתונה געהאַט. עס איז געווען טאַקע דורך א שדכן. די כלה איז געווען א שטילע, רוהיגע אידישע טאָכטער. מיט צוויי גרויסע שווארצע בענקענדיגע אויגען. דוקא די דאָזיגע אויגען זיינען ליפּמאַנען געפעלען געוואָרען. דערצו האָט די כלה געצעהלט אזא סומע געלד, וויפיעל ליפּמאַנס פאַנ־טאַזיע האָט שטענדיג פאַראויס געזעהן. אויך איהרע עלטערן זיינען געווען שטילע, גוטע מענשען, האָבען אויף אלץ וואָס ליפּמאַן האָט אויסגערעדט, גוטמוטיג צוגעשטימט, און ליפּמאַן האָט בשום אופן ניט געקענט געפינען א פעהלער אין דעם דאָזיגען שדוך.

אין א יאָהר ארום האָט זיין יונגע בענקענדיגע ווייבעל געבאָרען א קינד. עס איז געווען א זעהר שוואַך קינד. די מו־טער איז קיין מאָל פון זיין וויגעלע ניט אַבגעטראָטען און ליפּ־מאַן אליין איז אויך געווען זעהר פערנומען מיט'ן קינד. האָט געקוקט אויף איהם, איבערבויגענדיג זיך איבער פון וויגעלע מיט ליעבע און רחמנות... פלעגט עס אויך אָפט ארויסנעהמען, האַל־טען עס ארומגענומען און טוליענדיג עס צו זיך פלעגט ער מורמ־לען:

— זאָלסט מיר לאַנג לעבען!

דאָס קינד איז אין א יאָהר ארום שטארק קראַנק גע־וואָרען. עס איז געלעגען אין וויגעלע מיט פערמאַכטע ליפּעלעך און מיט האַלב פערמאַכטע אויגעלעך און שווער געהויבען מיט'ן בריסטעלע. די מוטער איז ארוים נאָכ'ן דאָקטאָר. ליפּמאַן, מיעד פון ניט שלאָפען די פאָריגע נאַכט, איז געשטאַנען איבער'ן ווי־געלע און האָט עפּעס געטראַכט... ער האָט זיך פּלוצים דערמאָנט אָן אלע זיינע פריהערדיגע כלות... איינע נאָך די אנדערע האָ־בען זיי, בלאַסע, מיעדע, מיט פינקעלדיגע אויגען, דורכגע־שוועבט פארביי איהם... און אָט זיינען זיי אלע, אין ווייסע קליידער מיט אויסגעשפּרייטע הענד און מיט גרויסע אָפענע

אויגען, געשטאַנען איבער'ן וויגעלע, און האָבען עפּעס מאָדנע געשמייכעלט...

נאָכדעם האָבען זיי זיך אַלע גענומען פאַר די הענד און שפּרינגענדיג און לייכט טופּענדיג מיט די פיס, האָבען זיי זיך אין אַ קאַראַהאָד אַרומגעדרעהט אַרום וויגעלע...

# די אויסגענארטע קוילען.

(מיליטער־ערצעהלונג)

ברוך גרינשפאן איז געווען א בעל־הבית'ישער בחור. ביז צוואנציג יאהר איז ער געווען אין דער היים ביי זיינע עלטע־רען, געלייענט לשון־קודש'דיגע ביכלעך; שבת האט ער שפא־צירט מיט חברים הינטער'ן שטעדטעל, זיך בעגעגענט דארטען צווישען די בוימער מיט קאמפאניעס שפאצירענדע מיידלעך, און מיט די מעהר בעקאנטע זיך בעגריסענדיג, פלעגט מען זיך גאכהער לאזען אלע צוזאמען. ביי א שעהנעם וועטער, ווען דאס גראז פלעגט זיין טריקען, פלעגט מען זיך צוזאמען אויסזעצען אויף דער ערד, אנפאנגם אביסעל אנגערוקט איינע פון די אנ־דערע, שפעטער אביסעל — פלעגט מען זיך דערנעהענטערן און באלד — פרעג ווי אזוי — פלעגט שוין ברוך זיצען שולטער אין שולטער מיט חנה, ישראל בערם שווארץ־חנ'עוודיגער מיידעל, און אריינרוימענדיג איהר א סוד אין אויער, פלעגט ער שוין פאר איינוועגס אנריהרען מיט די ליפען דעם שפיץ ווארימען אויער. ברוך האט עס גערעכענט פאר א זיכערן קוש און האט דערמיט זיך בעגנינגענט. חנה אבער האט זיך געמאכט כאילו לא ידעה — א סוד איז א סוד!... אי, וואס ער האט מיט די ליפען אנגעריהרט דעם אויער, קען זי גארנישט העלפען דערצו— ווען ער גיט איהר א קוש אין באק וואלט זי אודאי ניט גע־שווינגען...

אָבער גוט איז עס געווען! אז עס הויבט אָן ווערען פינסטערלעך לאָזט מען זיך צוריק, יעדער צו זיין היים, מען געזעגענט זיך, יעדער בחור דריקט זיין מיידעל — מיט וועלכער ער ווערט וואָס א שבת נעהענטער — מיט א געוויסען נוסח די האנד. ברוך גרינשפּאַן זעגענט זיך פריהער מיט די וואָס זיינען איהם וועניגער נאָהענט. ער האָט דערביי א געוויסע דיפּלאָמאַטיע: ער זאָל חנה'ן דער לעצטער די האנד קענען לענגער דריקען און לענגער האלטען, און טאקע דערביי כאַפּען א זייטיג וואָרט:

— איבעראכטאָג קומט איהר?..

ער זאָגט עס שטיל, ווי א שמונה עשרה, אבער ער לעגט אריין אין דער דאָזיגער פראגע אזוי פיעל כונה, אז זיין געטין חנה פערשטעהט איהם גלייך, בעוויליגט זיין פראגע, וואָס איז אין איין צייט א געבעט און זי שמייכעלט.

— יאָ. אנגענומען!...

און כאָטש ווייטער פון איינרוימען חנה'ן א סוד און דאָס אנריהרען דעם שפּיץ אויער, אלס א רמז פון א קוש, איז ברוך ניט געגאַנגען, האָט ער דאָך געהאלטען חנה'ן פאַר זיין געליעבטע. אמת, טאַקע לויט דעם נוסח פון די ביכלעך וואָס ער לייענט, איז די ליעבע גאָר אנדערש: ערשטענס, איז ביי איהם גאָר א שאלה, צי א בחור'ל, וואָס הייסט ברוך איז בכלל מסוגל צו אמת'ער ליעבע?... צווייטענס, האָט ער נאָך בפירוש קיינמאָל ניט געזאָגט חנה'ן: „איך ליעב דיך", ווי עס דאַרף צו געהן אין אזעלכע פעלע. אבער וואָס ברויך ער די אלע כללים, ווען ער ווייס זיכער ווי גאָלד, אז חנה'ן האָט ער ליעב, אז ער זעהט זי שטענדיג פאַר די אויגען און זיין הארץ איז פול בלויז מיט איהר.

עס וועט קומען די צייט וועט ער איהר ענטדעקען זיין גאַנץ הארץ... ער וועט שוין וויסען ווי אזוי. דערווייל איז איהם גוט אזוי אויך. די זעקס טעג לויפען זיך ווי עס איז דורך און עס

קומט שבת זעהט ער איהרע שעהנע, שווארצע, קלוגע אויגען, הערט איהר אנגענעהמע זינגענדיגע שטימע און פיהלט דעם דופט פון איהרע שעהן־פערקעמטע האר בשעת ער זאגט איהר א סוד...

---

אבער איידער ברוך האט צייט געהאט צו אויסזאגען זיין הארץ פאר חנה'ן, איז אנגעקומען די צייט פון פריזיוו.

— נאכ'ן פריזיוו, אם ירצה השם... — אזוי האט ער בעטראכט.

ברוך האפט אפילו, אז א סאלדאט זיין וועט ער ניט. ערשטענס, האט ער אן אמת'ע לגאטע און צווייטענס, אז עס זאל אפילו האלטען ביי לגאטניקעס, פעהלט איהם צוויי ווערשקעס צו די גרעב... ער האט זיך שוין עטליכע מאל געמאסטען!

פונדעסטוועגען איז בעסער פון אזוינע זאכען צו רעדען, אז מען איז א גע'פטר'טער, א בעפרייטער... דעמאלט קען מען אויסער חנה'ן, בעקומען עטליכע הונדערט רובעל נדן אויך... אמת, ער אליין דארף ניט די נדן... וויים ער דען ניט, אז דער עיקר איז די ליעבע? אבער זיינע עלטערן, וואס זיינען לויט ברוך'ס מיינונג, פארנאטישע, וועלען אודאי נישט איינגעהן אז ער זאל נעהמען א מיידעל גאר אהן געלד. צוליעב זיי וועט ער מוזען נעהמען עטליכע הונדערט רובעל אויך.

— מילא, — טרייסט ער זיך — עס וועט אפילו זיין אויפ'ן אלטען שטייגער... אבער וואס קען עס שאדען? דערפאר וועט ער קיין קעסט זיכער ניט עסען! קעסט איז באמת אן אלט־פרענקישער מנהג ביי אידען! קעגען דעם וועט ער זיך שטעלען ענטקעגען טאטען און מאמען אפילו! קעסט — נישט!...

דאס פריזיוו־יאהר אבער איז געווען א שלעכטער. עס האבען געפעהלט עטליכע צעהנדליג פריזיוו־ניקעס, וואס א טייל

פון זיי זיינען אוועקגעפאָהרען קיין אמעריקא און האָבען דאָרט געלעבט א גוטען טאָג און א טייל זיינען נעבעך געלעגען שוין פון יאָהרען אויפ'ן שטעדטעלדיגען בית־עולם, נאָר אויפ'ן צעטעל האָבען זיי אַלע געלעבט און האָבען זיך פאר קיין פאל ניט געוואָלט מעלדען צום „פּריאָם", האָטש גייט און גראָב זיי אויס פון די קברים...

און עס איז אָנגעקומען צו ברוך'ן:

— ברוך חאַיימאָוו גרינשפּאַן! — האָט א געדיכטער בייזער באַס אויסגערופען..

האָט זיך ברוך, אינגאַנצען ציטערענדיג פאר שרעק און קעלט געגומען אויסטהאָן פון וואָס איהם איז נאָך קעלטער געווארען, און ער האָט זיך בלויז געוואַרעמט מיט דער האָפנונג, אַז ארויסראַטעווען וועלען איהם די צוויי ווערשקעס, וואָס איהם פעהלען צו דער „גרעב"...

צי די קאָמיסיע האָט איהם פאַלש געמאָסטען, צי די צוויי ווערשקעס האָבען איהם לכתחילה ניט געפעהלט, איז געווען ברוך'ן שווער צו בעשטימען. ער איז געווען איבערראַשט און צוטומעלט פון די פּיעלע „וואָיענע" וואָס האָבען זיך געפונען אין פּריאָם. ער האָט בלויז געמערקט ווי א דיקער פּאָלקאָווניק קוקט איהם ארום און דינגט זיך איבער איהם מיט א הויכען און שלאַנקען אָפיציר, און נאָכדעם האָט ער דערהערט ווי אזוי ביידע האָבען אויסגערופען אין איין קול:

— חאָראָש! מאָלאָדיעץ!

און באַלד בעקומט ער א פריינדליכען קלאַפּ אין דער נאַקעטער פּלייצע און מען רופט פעסט אויס:

— גאָדיען!

און ברוך פערטייטשט עס פאר זיך אליין אויף אידיש:

— איך טויג!

א נאַקעטער מיט א נאַרישען שמייכעלע געהעט ער ארויס אין פאָדערשטען צימער, וואו ער האָט איבערגעלאָזען זיינע קליי־

דער, און כאפּט אויף זיך קודם ארויף דאָס סאַמע נויטיגסטע, וואָרום עס איז א חרפּה צו שטעהן אזוי פאַר מענשען!...

* * *

די ערשטע טעג אין קאַזאַרמע איז פאַר ברוך'ן געווען אונערטרעגליך שווער. א טיעפע בענקשאַפט האָט גענאָגט זיין האַרץ: געבענקט האָט ער נאָך טאַטע־מאַמען, נאָך די שוועסטערלעך און ברידערלעך, נאָר א פאָר נאָהענטע חברים, אבער מעהר — נאָך חנה'ן... ערשט אין די עטליכע טעג איז זיין געפיהל צו חנה'ן רייף געוואָרען, האָט בעקומען א פאָרמע, א געשטאַלט און א נאָמען, און ווען ער וואָלט איצט אין שטעדטעל געקענט זיין און זעהען זי, וואָלט ער שוין ניט אָבקומען מיט א גע'גנב'עטען קוש, ביים זאָגען איהר א סוד — איצט וואָלט ער זי שטאַרק געדריקט צו זיין ברוסט און גערעדט אָפענע ווערטער: חנה, איך האָב דיך זעהר ליעב!

איצט איז ער אבער אזוי ווייט פון איהר! הונדערטער מיילען און הונדערטער וואָכען! ביז ער וועט זיך אויסדיענען און קומען צוריק אהיים וועט שוין זיין חנה אודאי געהערען זיינעם א חבר, אָדער א ווילד־פרעמדען פון א צווייטע שטאָדט. חנה איז ניט פון די מיידלעך, וואָס דאַרפען לאַנג וואַרטען אויף א חתן...

שטעהענדיג אין פראָנט מיט זיינע נייע חברים, אונטער דער לאַסט פון דעם ראַנעץ, ביקס און שינעל, פערגאַרטעלט שטייף מיט דעם פּאַס און נאָכמאַכענדיג די בעוועגונגען פון זיין נייעם לעהרער דעם „פעטער'ל“, א קאַזאַנסקער פויער, מיט א קיילעכדיגען, געשטופּעלטען פּנים, מיט וואַסערדיגע אויגען, אין וועלכע עס האָט געשווימען א טעמפּע בייזקייט און האָס צו אַלץ, וואָס לעבט און בעוועגט זיך פריי, — נאָכמאַכענדיג די בעוועגונגען און נאָכרעדענדיג די נעמען פון די וואַפען און די טיטולען פון דעם קייזערליכען הויף און פון די גענערעלער און אנדערע אונמיטעל־

בארע „נאטשאלסטווא“, האט ברוך פערגעסען וואו ער שטעהט, וואס ער טהוט און וואס ער רעדט. דער „פעטער׳ל“ האט שוין ניט איינמאל איהם בעשטראפט. אבער ברוך האט זיך ניט גע־קענט העלפען. אנשטאט דעם פעטער׳ל פלעגט ער זעהן חנה׳ן, א לאכענדיגע, א פרעהליכע, א יום־טוב׳דיגע, און ווינקט צו איהם מיט די קלוגע שווארצע אויגען ער זאל לאזען האק און פאק און געהן מיט איהר הינטער׳ן שטעדטעל צווישען די בוי־מער, אוועקזעצען זיך אויפ׳ן גראז, אדער אויפ׳ן שטיין און פלוידערען, און לאכען און לאכען...

האט איהם איינמאל דאס קאזאנסקי פעטער׳ל פלוצים אי־בערגעשלאגען:

— דו, גרינשפאן, וואס האסטו זיך פערטראכט? — אין חייעטשקען זיך דערמאהנט...

ברוך איז געבליבען איבערראשט: ווי אזוי האט ער עס געטראפען? און ער האט בתמימות, פערטראכטערהייד, געענט־פערט:

— טאק טאטשנא... — דאס הייסט — טאקע אזוי...

די יונגע סאלדאטען אין פראנט, וועלכע האבען זיך אהן דער ערלויבניש ניט געטארט אפילו בעוועגען, האבען זיך שטארק צולאכט. דאס „קאזאנסקי פעטער׳ל“, וועלכער איז גע־ווען דאס מאל גראד גוט געשטימט, וואס דאס האט איהם אליין גע׳חידוש׳ט, האט אבגעזידעלט די יונגע סאלדאטען, וואס האבען געוואגט אהן זיין ערלויבניש צו לאכען, און האט זיי גע־סטראשעט אלעמען „פאד סוד“ אוועקגעבען, ער אליין אבער האט מיט א געלעכטער זיך געווענדעט צו ברוך׳ן און געזאגט:

—אזוי גאר... נאך חייעטשקען... אזוי דיענסטו טריי דעם קייזער!... ביזט געקומען לערנען זיך שיסען, פערטיידיגען דאס הייליגע פאטערלאנד פון אינערליכע און אויסערליכע שונאים, און דו טראכסט גאר פון א חייעטשקען... איך וועל דאס „דא־לאזשען“ די נאטשאלסטווא...

אבער, אז ברוך האט, ערפאהרענדיג פון אן „אלטען" אי־דישען סאלדאט, אז דאס קאזאנסקי פעטער'ל „נעהמט", האט ער איהם פון דעם ביסעל געלד, וואס איהם איז נאך געבליבען, גע־געבען אויף א פלעשעלע. דאס קאזאנסקי פעטער'ל האט דערפאר איהם גענומען אלס צוהעלפער אין באד און געהענדיג צוריק פון באד א צוואווארעמטער, איז ער מיט ברוך'ן אריין אין א שענקעל, בעשטעלט בראנפען מיט פערבייסען, און נאך דער ערשטער כוסה זיך אנגערופען צו ברוך'ן קלאפענדיג איהם אי־בער'ן פלייצע:

— דו, גרינשפאן, ניט זארג... דו האסט א חייעטשקען", איך האב א „נאסטיא'ן"... איך האב אויך געבענקט, אבער אז איך האב בעקומען את דאס, — ער האט אנגעוויזען אויפ'ן ברוסט, — האט מען מיר אבגעלאזען אהיים אויף גאנצע דריי מאנאטען...

ברוך האט מיט נייגעריגע בליקען געקוקט אויף דער אויס־צייכנונג וואס דאס קאזאנסקי פעטער'ל האט בעקומען פאר גוט שיסען...

— קען איך דאס אויך בעקומען? — האט ער בתמימות געפרעגט.

— אז דו וועסט טרעפען דעם ערשטען זומער דריי און דרייסיג קוילען, בעקומסטו עס... אבער פונקט דריי און דריי־סיג, עס טאר ניט פעהלען...

— איך וועל טרעפען! האט ברוך מיט זיכערהייט אויס־געשריען און פערגעסענדיג, אז דאס קאזאנסקי פעטער'ל איז זיין „נאטשאלניק", האט ער איהם לאכענדיג א קלאפ געטהאן אין פלייצע.

— איך וועל טרעפען!

און מיט זיכערע טריט, מיט א האפענונג אויף דריי־און־דרייסיג קוילען און דריי מאנאטען אין דער היים צו זיין, האט ברוך מיט'ן האלב שיכור'ן „פעטער'ל" געשפאנט צוריק אין דער

קאזארמע אריין.

---

עס איז אנגעקומען דער לעצטער קורס פון שיסען. ברוך האט שוין ערוואָרבען פאר די פריהערדיגע קורסען 28 קוילען, וועלכע זיינען געווען בלויז פאר חנה'ן... ווען ער טרעפט די פינף קוילען ביים לעצטען קורס בעקומט ער אן אויסצייכענונג און פאָהרט גלייך אויף דריי חדשים צו חנה'ן...

דער לעצטער קורס איז אָבער דער שווערסטער. די פיגורען זיינען אויסגעשטעלט פאר פופצעהן הונדערט טריט ווייט... דער טאָג איז א ווינדיגער; לויט'ן כלל וועט ער ציעלען אין א זייט און דער ווינד וועט זי שוין צוטראָגען אין ריכטיגען פונקט.

אבער געהן שטעלען זיין מזל אויפ'ן ווינד איז ניט קיין שכל... וואס וועט ער טהאָן, אז גלייך נאָכ'ן אויסשיסען בלאָזט דער ווינד שטארקער, אָדער שוואכער... דעמאָלט איז אלץ פערלאָרען... קיין צייט צו קלערען איז אבער ניטאָ. דער גאנצער ווזוואָד פון עטליכע־און־צוואנציג מענשען שטעהען שוין גרייט און ווארטען בלויז אויף דער קאָמאנדע פון יונגען אָפיציער, וועלכער שטעהט פון הינטען און זעהט, ווי אזוי די רייהע ציעלט זיך און מאכט בעמערקונגען. ברוך צעהלט אָב די פינפטע פיגור. די פערטע געהערט צו זיין שכן אויף דער נארע, יעמעליאנאוו, א נארישעוואטער גוי, וועלכער האָט פאר אלע קורסען געטראָפען בלויז צעהן קוילען. ס'הייסט איין קויל ביי יעדער קורס. יעמעליאנאוו שטעהט צוטומעלט, קען ניט כאפען מיט'ן אויג זיין פיגור און פרעגט שטילערהייט ברוך'ן:

— ברודער גרינשפאן, די וויפעלטע פיגור איז מיינע?...

— די פינפטע... די פינפטע... האָט ברוך איהם בכיון זעהר שנעל געענטפערט, אז יענער זאָל צו איהם נאָכדעם קיין טענות ניט האָבען...

גלייך האָט זיך דערהערט דעם אָפיציער'ס קאָמאנדע: שיס!

עס האָט זיך אָנגעהויבען א שיסעריי, און ארויסוואַרפען פון גילזען און ווידער א שיסעריי... אזוי פינף מאָל... ברוך איז מיט דריי קוילען געווען זיכער, אז ער האָט געטראָפען... אויף צוויי האָט ער געהאַפּט, אז יעמעליאַנאָוו האָט אין זיין פינפטער פיגור אריינגעשאָסען...

די סיגנאַליסטען האָבען געגעבען סיגנאַלען. דאָס שיסען האָט אויף דער גאַנצער ליניע אויפגעהערט. די שיסער האָבען מיט אונגעדולד געוואַרט אויף די צעהלער, וועלכע האָבען זיך בעוויזען פון אונטער די בערגלעך, וואו זיי זיינען געווען די צייט פון שיסען פערשטעקט.

די צייהלער האָבען רוהיג געהויבען דאָ די ווייסע זייט פון פעהנדעל איבער די פיגורען, וואָס האָט בעדייט, אז די קויל איז ניטאָ, דאָ די רויטע זייט, אז די קויל האָט געטראָפען. די פערטע פיגור האָט פינף מאָל בעקומען ווייס...

יעמעליאַנאָוו איז געשטאַנען ווייס ווי זיין „העמדעל" און מיט צאָרענדיגע בליקען געקוקט אויף ברוך'ן...

באַלד האָט זיך געהויבען דאָס פעהנדעל איבער דער פינפ־טער פיגור. ברוך'ן האָט דאָס הארץ שטארק געקלאַפּט, אָנ־פאַנגס פאר שרעק, נאָכהער פאר פרייד: דאָס פעהנדעל האָט אַלע פינף מאָל בעוויזען רויט...

דער אָפיציער איז צוגעלאָפען צו ברוך'ן און מיט א שטראַ־לענדען געזיכט אויסגעשריען:

— מאָלאָדיעץ גרינשפּאַן!..

פון דער צווייטער זייט האָט איהם יעמעליאַנאָוו געשושקעט:

— ביזט א מאַשעניק...

ברוך האָט זיך פערענטפערט, אז ער איז געווען שטארק צו־טומעלט און אויפגערעגט און ער האָט באמת געמיינט, אז יע־מעליאַנאָוו'ס איז די פינפטע פיגור. ער האָט איהם געטרייסט, אז ער, ברוך, וועט פאָהרען אין אָטפּוסק און וועט איהם ברענגען

ַיי בעסטע מתנה... און אז ער וועט בעקומען דאס „צייכענדעל"
וועט ער איהם גוט מכבד זיין...

און ברוך האט איהם אנגעקוקט מיט מיטלײדענדע בליקען
און ווידער געטרײסט:

— און פון וואנען ווײס איך, אז דו האסט מיר געהאל־
פען... אט האסטו, געדענקסט, דעם דריטען קורס, אויך קיין
איינע ניט געטראפען און איך האב אלע פינף געטראפען...

— הײנט האב איך זיך געסטארעט... האט יעמעליאנאַוו
בעדױערט... צוויי קוילען מײנע האסטו זיכער... עס וועט זײן
מיין „זנאטשאָק"...

ברוך'ן האט אבער נישט געארט צי דער זנאטשאק איז פער־
ריענט פאר זײן שיסען צי פאר יעמעליאנאַוו'ס. זאל אויסברע־
כען חלילה א מלחמה וועט ער אפילו קיין איין קויל ניט טרע־
פען, ער וועט זיך ציעלעווען איבער די קעפּ... אבער דא אין
הילצערנע פיגורען האט ער טאקע געוואלט טרעפען אין סאמע
הארץ, כאטש אז מען טרעפט אין די קניה געהט די קויל אויך
אריין אין חשבון... ווייטער געהט איהם דער גאנצער שיסען ניט
אן. אז ער וועט קומען אהיים וועט ער חנה'ן גלייך דערצעהלען
ווי אזוי ער האט ביי זיין שכן פון דער נארע אויסגענארט א
קויל און אפשר צוויי...

— אי, וועט דאס חנה לאכען!.. האט ער פערענדיגט זיינע
רעיונות און זיך פארבערייט אין געראנק צו דער גליקליכער
רייזע...

# ליעבעס־שטייער.

(ערצעהלונג פון בערלינער סטודענטען לעבען)

עס איז שוין געווארען איינס א זייגער ביי נאכט, ווען בענסאן, א סטודענט פון מעדיצינישען פאקולטעט איז געגאנגען אויף פריעדריך שטראסע מיט דעם ציעל צו געהן א היים. אבער אזוי ווי די נאכט, האטש א ווינטערדיגע, איז געווען זעהר שעהן און די פרידריך שטראסע האט ערשט אנגעפאנגען אויפצולעבען, האט ער ביי זיך נישט געקאנט פועל'ן דאס גאנצע רוישען איבערצולאזען פאר אנדערע און אליין אוועקגעהן אין זיין קליינעם צימער וואס ער האט ביי דער דיקער דייטשער ווירטהין. ער האט ווי נישט פערגונען די איבעריגע מענשען פון פערשיעדענע קלאסען, עלטער און געשלעכטער, אז זיי זאלען אהן איהם אבריכטען די דאזיגע פרעהליכע נאכט, וואס האט אין זיך אזוי פיעל פערשפרעכענדעס, לאקענדעס און אונבעשטימטעס.

ער האט אבגעמאכט, אז ער וועט זיך נאך דורכגעהן א פּאר מאל הין און צוריק און כאטש עס איז שוין געווען ענדע פון מאנאט, די דאטום, ווען דאס גאנצע געלט וואס ער בעקומט פון דער היים הויבט זיך שוין אן אויסצולאזען, האט ער נאך דאס מאל פערמאגט אין טאש עטליכע מארק און אין דער דאזיגער שעהנער און גליק־פערשפרעכענדער נאכט איז ער געווען קאפאבעל אויך זיי צו פערשווענדען, ווען עס זאל אויפ'ן דאזיגען יריד זיך מאכען א ביסעלע גליק אין „גלייכען“ געלט...

ער האָט ניט געמיינט יענע מיידלעך, וואָס דרעהען זיך ארום הין און צוריק און לעגען פאַר זייער ליעבע ווינקענדיג און צושמייכלענדיג מיט די אויגען, אָדער אמאָל אָננעהמענדיג פאַר'ן אָרעם און אָפען, מיט א געמאַכטער פערשייטקייט, זאָגען זיי ארויס דאָס וואָס מענשען טראָגען אזוי געהיים אין זייערע הערצער. אויף די האָט עם בלויז געקוקט פון הומאני־שען שטאַנדפּונקט. ער פלעגט זיי אמאָל זאָגאר געבען עטליכע פעניג „גליקס־געלט", וועלכע זיי פלעגען בעשפּייען מיט א געוויסען אבערגלויבען וועלכען יעדע פון זיי בעזיצט און פלע־גען איהם אָבלאָזען בעדאַנקענדיג מיט אן אמת'ן אויפריכטיגען שמייכעל. וואָס ער האָט יא געזוכט איז געווען אן עהרליך מייד־דעל, וואָס פערשפּעטיגט אמאָל ביינאַכט און געהט אליין אָדער מיט א חבר'טע א היים.

אזוינס איז ריינער, שעהנער און ראָמאַנטישער, און בען־סאָן, ניט קוקענדיג, וואָס ער האָט שטודירט אזא פּאָזיטיווע וויסענשאַפט, ווי די מעדיצין, איז אין געוויס הינזיכטען געווען זעהר ראָמאַנטיש געשטימט. דעם דאָזיגען ראָמאַנטיזם האָט ער נאָך גע'ירש'נט פון זיין רוסישער היים און פון די דאָרטיגע חברים.

און גראָד האָט איהם דאָס מאָל אָבגעקליקט. ער האָט ביים באנהויף פון דער פריעדריך שטראַסע בעגעגענט צוויי פרויען. איינע שוין אן עלטערע און איינע נאָך גאָר א יונגע. ער האָט זיי ביידען אָנגעקוקט און גלייך אויפגעכאַפּט זייער שמייכעל צוריק. ער האָט זיי בעגריסט און גלייך פאָרגעשלאָגען זיין בעגליי־טונג.

די עלטערע האָט איהם בעטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס און בעמערקענדיג אז ער איז געקליידט אנשטענדיג און דער קנייטש אויף זיינע הויזען איז אין אָרדנונג און אויף די שיך זיי־נען, כאָטש אביסעל פערשטויבט, גאַנץ און נעט, האָט זי די ער־לויבניש געגעבען. די אינגערע האָט גליקליך געשמייכעלט און

ווען ער האָט איהר פאַרגעלעגט זיין ארעם, האָט זי גלייך אויסגע־צויגען איהם איהרען און אזוי האָבען זיי זיך געלאָזט געהן, ניט וויסענדיג נאָך וואוהין און פלאָפּלענדיג איבער פערשידענע קליינינגקייטען.

די עלטערע איז איהם נאָך א פּאָאר פראזען ניט געפעלען געוואָרען. איבריגענס איז זי איהם אָנגעגאנגען, ווייל לויט זי האָט אליין דערצעהלט איז זי שוין א פערהייראטע, טאקע צו דער אינגערער׳ס א ברודער. אויב אזוי וועט זי באלד געהן א היים און ער, בענסאָן, וועלכער האָט שוין געוואונען זייער צו־טרוי, וועט די אינגערע בעגלייטען.

בענסאָן האָט פון העפליכקייט געפּרובט אויך די עלטערע פערהאלטען, אבער ניט וועלענדיג קענטיג שטערען איהר שוועגערינ׳ס גליק, האָט זי גערעדט. איבריגענס האָט זי שוין אין דער היים א קינד, וועלכעס ווארט אויף איהר.

און אזוי איז בענסאָן געבליבען מיט דער אינגערער. ערשט בלייבענדיג אליין, האָט ער זי בעטראכט אויף דאָס ניי און האָט ענטדעקט אין איהר א זעהר חנ׳עוודיגע און ליעבע בלאָנדע בער־לינערין. אין גאנצען איז זי ערשט אלט צוואנציג יאָהר און הייסען הייסט זי גערטרוד.

דאן האָט ער, לאכענדיג געפרעגט, צי זי האָט שוין א גע־ליעבטען און בעקומענדיג אן ענטפער, אז ניין, האָט ער איהר האלב אין שפּאס פאָרגעלעגט, צו זיין איהר געליעבטער.

גערטרוד האָט איהם אָנגעקוקט מיט איהרע בלויע אויגען און ווי מיט א טרויעריגען טאָן זיך אבגעוועהרט:

— ניין. איך גלויב אייך קיינעם ניט...

בענסאָן האָט דערפיהלט, נאָך איהר ענטפער, אז מיט דער דאָזיגער מיידעל האָט שוין וואָס פּאסירט. ער האָט זי פעסטער געדריקט צו זיך און זי איינגעלאדען אריינצוגעהן אין א קאַ־פע־הויז.

אַנפאנגס האָט זי זיך געקווײנקעלט, געזאָגט, אז עס איז שוין צו שפּעט: מאָרגען מוז זי פריה אויפשטעהן און געהן אין וואַרענהויז וואו זי איז א פערקויפערין. אבער ווען בענסאָן האָט איהר פערשפּראָכען, אז לאַנג וועט ער דאַרפען ניט זיצען, האָט זי ענדליך איינגעוויליגט.

ביים העלען ליכט אין קאפע הויז האָט ער זי ערשט בע־טראכט אויף דאָס ניי. ער האָט ענטדעקט אין איהר נייע שעהנ־הייטען און בענסאָן האָט דערפיהלט, אז דאָס דאָזיגע פרעמדע מיידעל, הויבט ווירקליך אָן איהם ווערען נאָהענט און ער האָט צו איהר די שעהנסטע געפיהלען.

זיינע געפיהלען האָבען זיך אין דער זעלבער ריינקייט און טיעפקייט איבערגעגעבען צו איהר. זי האָט זיך געשפּיעלט מיט זיין האנט געשמייכעלט:

— איהר זייט א גוטער!

— אָ, געוויס, געוויס בין איך א גוטער! — האָט בענ־סאָן בעשטעטיגט, בערווישט א ביסעל פון ביער, וואָס ער האָט געטרונקען און נאָך מעהר פון איהר.

און נאָך א קורצע פּויזע, האָט ער איהר גענומען אויספאר־שען:

— האָסטו ווירקליך נאָך קיינעם ניט געליעבט?...

— קיינעם!...

— איך גלויב עס ניט!

דאַן האָט זי איהם שטרענג אָנגעקוקט און ווי דורך טרעה־רען געזאָגט:

— דו ביזט א שלעכטער!

בענסאָן איז שוין אויף אַן אמת ניינעריג געוואָרען. דאָס מיידעל האָט איהם אָנגעהויבען שטארק צו אינטערעסירען. ער האָט זי געדריקט פאר'ן האנט, וועלכע ער האָט די גאנצע צייט געהאלטען און געפּליסטערט:

— מעהר פרעג איך דיך ניט... פון מיין זייט האָסטו גע־

מענט האבען ווען דו ווילסט.

ערשט ביים צווייטען מאל זעהען זיך, האט גערטרוד איהם שוין מודה געווען, אז זי האט נעהאט א „שאץ“, אבער ער איז א פאלשער מענש געווען, ער האט זי בעשווינדעלט, פערשפראָ־כען אז ער וועט זיכער מיט איהר הייראטען און איז נאכדעם פערשוואונדען.

דערצעהלט האט זי עס אין א רוהיגען טאָן, אבער בענסאָן האט געפיהלט, אז דאס דאזיגע יונגע און עטוואס נאאיווע מיי־דעל קען יענעם ניט פערגעסען. פון איין זייט האט איהם באנג געטהאָן, וואס איהר ליעבע צו יענעם, כאטש זי לייקענט עס, וועט שטערען איהר ליעבע צו איהם אליין. פון דער צווייטער זייט האט איהם דאס מיידעל אליין באנג געטהאָן. ווער ווייס, ווי זי ליידט! —און ער האט זי געפרופט טרייסטען:

— ער איז געווען, דיין געליעבטער, א געמיינער קערל.

— א, ניין! — האט זי זיך אָנגעכאפט, ער איז געווען א פיינער...

—האסטו דאך איהם יא ליעב... — האט בענסאָן איהר פארוואורף געמאכט...

— ניין, מעהר נים! — האט זי געמורמעלט און גע־פלייסט זיך צו שמייכלען.

און ערנסט ווערענד צוריק, האט זי טרויעריג געזאגט:

— איך דענק, אז ער איז געשטארבען!...

— אויב געשטאָרבען דארפסטו דאך איהם אודאי פערגע־סען.

— געוויס, איך האב איהם פערגעסען. — האט זי פערזי־כערט און ווידער זיך געמיהט צו שמייכלען.

בענסאָן האט איהר אָנגעקוקט פערדעכטיג.

— וואס קוקסטו אזוי? — האט זי געפרעגט.

— איך וויל דערגעהן דיין געהיימניס! — האט בענסאָן געלאכט.

— איך האָב קיינע געהיימנים... האָט זי זיך ווי געבעטן.

— איז גוט! האָט בענסאָן זי בערוהיגט, און נאָך אַ קורצן שווייגן, האָט ער איהר געזאָגט:

— וועסטו געהען צו מיר אהיים... יאָ?

זי האָט איהם אָנגעקוקט און געענטפערט:

— מיר קאָנען זיך נאָך אזוי ווענינ...

— איך קען דיך שוין גענוג. ליעבע גערטרוד... האָט בענסאָן ווייך צו איהר גערעדט. קום צו מיר.

— ניין, ניין, — האָט זי זיך ווי געבעטען. — עס איז נאָך ניט צייט צו געהן צו דיר. ווען איך וועל דיך נעהענטער קענען. איך ווייס גאָר נישט ווער דו ביזט. יענעם האָב איך געקענט אַ האַלב יאָהר, ביז איך בין בײַ איהם בלויז איין מאָל געווען...

— ווידער יענער... האָט בענסאָן זיך ווי בעליידיגט... האָסט דאָך געזאָגט, דו האָסט איהם פערגעסען.

— איך האָב איהם געוויס פערגעסען, אָבער ווען דו רופסט מיך צו דיר, דערמאָהן איך זיך...

---

עס זיינען פערגאַנגען עטליכע וואָכען. בענסאָן האָט אין פערלויף פון דער דאָזיגער צייט שוין איינינע מאָל זי געטראָפען. ער האָט ענדליך דערפיהלט, אַז זיין בעציהונג צו דער דאָזיגער פרעמדער מיידעל, וועלכע ער האָט געטראָפען אין גאַס, ווי אַ געוועהנליכען „שאַץ“, איז אַ מעהר ערנסטע און טיעפערע, ווי דאָס רוב צו אַזעלכע צופעליגע בעגעגנישען. ניט איהר שעהנקייט און ניט איהר חן האָט איהם געלאָקט, נאָר דאָס געהיימניספולע, דאָס טראַגישע וואָס האָט געוועהט איבער דער דאָזיגער יונגער און שוין טיעף־ליידענדער בלאָנדער מיידעל.

איינמאָל האָט ער זי געפונען אויפ׳ן פּלאַץ, וועלכען זיי האָבען דאָס פאָריגע מאָל אָבגעשטימט צו טרעפען זיך, אַ טרויעריגע און אַן אויפגערעגטע.

— וואָס איז מיט דיר, גערטרוד? — האָט ער זי געפרעגט מיט אנטייל.

זי האָט גאָר נישט געענטפערט, זי האָט איהם נאָר אנגע־קוקט מיט בעטענדיגע בליקען.

ער האָט זי ברודערליך אָנגענומען פאר דער האנט און זיך געלאָזט מיט איהר אין א זייטיגער, שטילער גאַס.

— דערצעהל! — האָט ער געבעטען און געפאָדערט צו־זאמען.

— איך האָב עטוואָס אונאנגענעהמעס. — האָט זי אנגע־הויבען.

— פון וואָס? פון וועמען?... האָט בענסאָן זי געפאָרשט.

— פון מיין הונט... האָט זי געלאכט ווי דורך טרעהרען. און בייז־ווערענדיג האָט זי געשריען:

— אַ, ווי איך האָס איהם! איך קען דורך איהם קיין רעכ־טע קלייד ניט מאכען, קיין שיך ניט קויפען... איך מוז פאר איהם צאָהלען אלע פיערטעל יאָהר דרייסיג מארק.

— וועמען?... — האָט בענסאָן פערוואונדערט געפרעגט.

— וועמען? דער שטאָדט... אזא געזעץ... פאר יעדען הונט, וואָס מען האָט מוז מען אלע פערטעל יאָהר דרייסיג מארק שטייערן צאָהלען. מארגען מוז איך צאָהלען פאר איהם, ווען ניט, נעהמט מען איהם צו פון מיר און מען שיעסט איהם.

—איז ער דיר אזא שאָד? האָט בענסאָן געפרעגט...

— געוויס... האָט זי געענטפערט... אבער גלייך האָט זי זיך פערכאפט:

— ער איז מיר ניט קיין שאָד, איך האָב איהם גאָר ניט גערן, א נארישער, דומער הונט... קען אפילו ניט בילען, אָבער...

— אָבער וואָס?...

— יא, איך קען דיר ניט זאָגען... דו וועסט בייז זיין... דאן האָט זי א פערשעמטע, מיט אראָבגעלאָזטע אויגען און מיט א טרויער אין טאָן געענטפערט.

— פערשטעהסטו, דער הונט איז זיינער... ער האָט מיר איהם איבערגעלאָזען, װען ער איז אויף א פּאָר טעג, לויט ער האָט פערשפּראָכען, אװעקגעפאָהרען, אבער ער איז שוין צוריק ניט געקומען... אַ, דער הונט!

און בענסאָן האָט ניט געקענט בעגרייפען װעמען מיינט זי מיט'ן אויסרוף: א דער הונט! צו דעם, פאר װעלכען זי דארף צאָהלען דרייסיג מארק שטייער, צו יענעם װאָס האָט זי פער־לאָזט...

ער האָט אויף איהר געקוקט מיט מיטגעפיהל און גע־שפּאסט.

— הייסט עס, צאָהלסטו שטייער פאר דער געװעזענער ליעבע...

— יא. — האָט זי נאאיװ געענטפערט — דרייסיג מארק יעדען פערטעל יאָהר...

— נו, אויב אזוי װעל איך דאָס מאָל דיר בעהילפיג זיין, האָט בענסאָן, װעלכער האָט נאָך געהאט א געװיסע סומע פון די צוגעשיקטע געלט — איהר געטרייסט.

גערטרוד האָט איהם אָנגעקוקט מיט דאנקבארע בליקען און האָט בעגייסטערט גערעדט:

— אַ, דו ביזט אזא גוטער... איך האָב עס גלייך דער־פיהלט, װען איך האָב דיך דאָס ערשטע מאָל דערזעהן. און יע־נער איז געװען אזא שלעכטער...

זי האָט זיך געװישט די אויגען און פאַרטגעזעצט:

— און װאָס מיינסטו, בלויז פאר'ן הונט מוז איך צאָה־לען...

— פאר װאָס נאָך? — האָט זיך בענסאָן אנגעכאפּט...

— יא, דו װעסט בייז זיין... — האָט זי געמורמעלט, אראָבלאָזענדיג די אויגען.

— ניין... — האָט בענסאָן געשטאמעלט, און האָט זיך שוין װי אָנגעהויבען שרעקען...

— אלע מאָנאַט מוז איך נאָך פאַר'ן קינד צאָהלען דער אַם, — האָט זי ארויסגעשטאַמעלט...

— וועלכעם קינד? — האָט בענסאָן ווי אויסגעשריען.

— וועלכעם? — האָט זי זיך צואווײינט — מײנס! ער איז אוועקגעפאָהרען און איך האָב אין א האלב יאָהר א קינד געבוירען... איך דערצעהל דאָס דיר אלעם, ווײל דו ביזט אזא גוטער... איך פערדיען אזוי וועניג. אַ. מײן גאָט — האָט זי זיך שטאַרקער צואווײינט. זאָ פיעל שטײערן! דער אם פאַר'ן קינד און דער שטאָדט פאַר'ן הונט... פאַר מיר אלײן בלײבט מיר גאָרנישט...

בענסאָן איז פון איהרע טרעהרען אזוי גערירט געוואָרען, אז ער האָט ניט געוואוסט וואָס פאָרצונעהמען. דער אײנציגער מיטעל איז געווען צו פערלאָזען איהר, אבער אזוי ווײט שלעכטהערציג האָט ער ניט געקאָנט זײן. הײסט עס, האָט ער געטראַכט, אז מיט דער „שאַץ" האָט איהם ניט געלונגען. ער וועט איהר מוזען קומען צו הילף.

און בײ איהם איז געוואָרען א פּראָבלעם: וועמען פריהער? צי דעם קינד בײ דער אם, צי דעם הונט, וועלכען די שטאָדט וויל דערשיסען, אדער דער אָרימער גערטרוד, וועלכע איז הילפלאָזער פון זײ אלע.

און נאָך א לאַנגען איבערלעגען זיך, האָט דער גוטער בענסאָן זיך פאַרגענומען זײ אלע דרײ צו העלפען און אויף אזא אופן האָט ער אויך פערטהאָן דאָס געלט, וואָס ער האָט בעקומען צו צאָהלען אין אוניווערסיטעט.

און אײדער ער האָט נאָך דעם דאָקטאָר־דיפּלאָם בעקומען, האָט ער שוין זוכה געווען צו ראַטעווען דרײ בעשעפענישען...

# און דער עולם האט געפּאטשט.

זי איז געווען א יונגע, א פרעהליכע און א זינגעריך, און דאס לעבען ארום איז אויך געווען א יונגעס, א פרעהליכס און א זינגענדיגס. נאָר דער מזל איהרער איז געווען א שווערער, א פינסטערער און א שטום-נאָגענדער. און דער מאן, וואָס די על־טערן האָבען איהר געגעבען, איז געווען אין איהר מזל געראָ־טען, און זי האָט איהם, ווי איהר מזל, פיינט געהאט.

אָבער א קינד האָט זי דאָך געהאט.

און דאָס קינד איז געווען א שעהנס, א פרעהליכס ווי אלץ ארום, און זי האָט עס זעהר, זעהר ליעב געהאט.

ליעב געהאט דאָס קינד, ליעב געהאט דאָס לעבען, נאָר פיינט געהאט דעם מזל איהרען מיט דעם מאן. און זי האָט זיך געריסען פון זיי ביידען מיט אלע כחות, סיי וואכענדיג, סיי שלאָפענדיג...

נאָר דער מזל און דער מאן האָבען זי שטייף געהאלטען און נישט ארויסגעלאָזען פון זייערע סקעלעטענע, אָבער שטארקע אָרימס; און זי האָט זיך געריסען, געריסען, א פרעהליכע א יונ־גע, א זינגענדיגע...

איינמאָל איז זי אין טעאטער געווען. אויף דער סצענע איז א באלעט פאָרגעקומען. די מוזיק האָט פערשיכורט גע־שפּיעלט, די ווייסע האלב-נאָקעטע פיס האָבען זיך געהויבען אויף דער סצענע, געהויבען זיך און געטופּעט צום טאקט, און יונגע מיידלעך, לייכטע ווי פוּך, האָבען אין דער לופטען געשוועבט...

און עס האָט זי געצויגען, געצויגען אהין, אהין... זי האָט זיך מיט אלע כחות אָן פאַרענץ פון דער גאלעריע אָנגעהאלטען, זי זאָל נישט א שפרונג טהאָן אויף דער סצענע.

און פון דאמאָלס אָן האָט זי געצויגען צו זיי, צו די שווע־בענדיגע מיידלעך, צו דער פרייער סצענע, צום פרייען זינגענ־דיגען לעבען...

און זי האָט זיך ענדליך אויסגעריסען און איז אוועק אין א פרעמדע שטאָדט, מיטגעהמענדיג דאָס קינד.

זי איז אין האָר אָנגעקומען.

דאָס קינד האָט זיך ביים ערשטען אָווענד, ווען זי האָט ארויסטרעטען געדארפט, מיטגענומען אין טעאטער און האָט עס איבערגעגעבען דער דיענסט פון האָטעל, וועלכער זי האָט א בילעט געגעבען, און געבעטען זי, אז זי זאָל עס היטען.

דער פאָרהאנג האָט זיך אויפגעהויבען.

די דיענסט האָט געהאלטען נעבען זיך דאָס פיער־יעהריגע קינד און האָט געקוקט אויף די סצענע.

— וואו איז די מאמע? — האָט זי ביים קינד לאַבענדיג געפרעגט.

— ווייס נישט... האָט דאָס קינד טרויעריג געענטפערט.

און באלד האָט דער האָר אָנגעהויבען צו זינגען. די מוטער איז אלס סאָליסטען ארויס פאָראויס...

דאָס קינד האָט אָנגעשטרענגט זיינע אייגעלעך אויף די פרוי מיט דעם קורצען קליידעל, אָפענער ברוסט און נאקעטע פיס...

עפּעס אזוינע בעקאנטע גליעדער...

ווען דאָס פּנים וואָלט נישט געווען אזוי רויט און די האָהר נישט אזוי לאנג, איז דאָך דאָס זיין מאמע...

און דאָס קינד האָט אלץ אָנגעשטרענגטער און אָנגע־שטרענגטער גענומען בעקוקען די דאָזיגע פרוי.

און די פרוי האָט געזונגען און געזונגען.

און דער אָרקעסטער האָט געשפּיעלט און געשפּיעלט.

און דאָס פּובליקום איז געווען בעגייסטערט...

ענדליך האָט זיך דערהערט עפּעס א ווילד געשריי פון שרעק און התפּעלות:

— אוי, מאמע, מאמע!

און א קליין פיער־יעהריג קינד האָט זיך געלאָזט לויפען, לויפען צו דער סצענע, שפּרינגענדיג איבער שטוהלען, איבער מוזיקאנטען...

— מאמע, מאמע...

אָט איז שוין נעבען דער סצענע, און פּאר גרוים אויפרע־גונג וויינט עס זיך פונאנדער און שרייט:

— מאמע! מאמע!...

דער פאָרהאנג האָט זיך שנעל אראָבגעלאָזט...

און דער עולם האָט געפּאטשט און געפּאטשט...

# איפערזוכט.

ער איז געווען א שריפטשטעלער, און זי — א געוועהנליך מיידעל, זיינע א לעזערין און א פערעהרערין.

און דאָך האָט ער זיך געפיהלט אין איהר געגענוואַרט ווי דערשלאָגען און איז נישט געווען דרייסט צו זאָגען איהר דאָס, וואָס ער האָט איהר שוין אזוי לאַנג געוואָלט זאָגען...

זי האָט געלעזען זיינע ווערק און האָט איהם געקענט און פערשטאַנען; געוואוסט אלע פערלאַנגען זיינע, אלע זיינע שטי־מונגען, האָפנונגען און ענטטוישונגען.

ער האָט געלעזען איהרע אויגען. צוויי שווארצע אויגען, שטענדיג אָפענע, ריינע, שפּיגעלדיגע. און דאָך האָט ער קיינ־מאָל נישט געקענט דורכלעזען דאָרט קיין איין וואָרט וועגען איהר.

וואס טראַכט זי, וואָס וויל זי און וועמען האָט זי ליעב ?

דער עיקר — וועמען האָט זי ליעב, זיין פערעהרערין?...

איינמאָל, שפּאַצירענדיג מיט איהר ווייט, הינטערן שטאָדט ארויס, האָט ער זי פּלוצלונג, ווי דערשראָקען פון זיין אייגענער דרייסטקייט, א פרעג געגעבען:

— וועמען האָט איהר ליעב און וועמען וואָלט איהר געקענט ליעב האָבען ?

די פערעהרערין האָט איהם אָנגעקוקט, א שמייכעל געטהאָן און געענטפערט:

— ליעב האָב איך נאָך קיינעם נישט...

דעם שריפטשטעלערס געזיכט איז העלער געוואָרען, אין

זיינע אויגען האָט זיך א גלאַנץ בעוויזען, ער איז נאָך דרייסטער געוואָרען און מעהר געפרעגט:

— און ווער איז אייער אידעאל?

— מיין אידעאל? — האָט זי איבערגעפרעגט און זיך פערטראַכט, — מיין אידעאל? אין לעבען האָב איך איהם נאָך נישט געטראָפען.

— און וואו יאָ? — האָט דער שריפטשטעלער, אראָבפּאַ־לענדיג ביי זיך, ווידער געפרעגט.

— אין בוך... — האָט זי געלאַכט. — אויב איהר ווילט וויסען, געפעלט מיר שטארק הערמאַן פון אייער ערצעהלונג „דער פאַנטאַזיאָר“ — א ליעבעסווירדיגער טיפּ...

דער שריפטשטעלער האָט אויף איהר מיט א פאָרוואורף א בליק געטהאָן און שוואך געענטפערט:

— אָט דער נארישער הערמאַן? אך מיין גאָט! איך וואָלט אויף אייך קיינמאָל נישט געגלויבט...

זי האָט געשמייכעלט און גאָרנישט געענטפערט.

קומענדיג אהיים, האָט דער שריפטשטעלער גענומען זיינע ווערק, אויפגעמישט די ערצעהלונג „דער פאַנטאַזיאָר„ און זיך גענומען לעזען.

הערמאַן האָט ערשיינט פאר זיינע אויגען ווי לעבעדיג, ווי זיינער א בייזער פיינד!

— אָ, דו! — האָט דער שריפטשטעלער געשריגען פאר ווילדען כעס, — דו האָסט זיך מיר אין וועג געשטעלט, דו, גע־מיינער, נארישער יונג!

ער האָט געקלאַפּט מיט'ן פויסט איבער די בוכשטאבען, וואָס בעטייטען הערמאַן און געשריען:

— אָה, ווען איך קען דיר טויטען! ווען איך קען דיך טוי־טען!

די בוכשטאבען האָבען געטאַנצט און בייז אויסגעלאַכט פון זייער שעפער...

# בעצאהלטע טעכטער.

דער ערשטער איז געקומען קיין ניו־יארק זרח. דאס איז געוועזען א בחור פון א יאהר עטליכע און צוואנציג, א שעהנער, א הויכער און א שלאנקער, מיט גרויסע, ברוינע אויגען און לאנגע, דונקעלע ברעמען. די ערשטע צייט האט ער שטארק געבענקט נאכ׳ן אלטען שטרענגען טאטען, נאך דער אלטער, גו־טער מאמען, און נאך די פיער שוועסטער, וועלכע ער האט אי־בערגעלאזען אין דער היים, אין א ליטווישער שטאדט, אין גרוים נויט. פון דער היים נישט קיין ארבייטער, האט ער דאך זיך גענומען גלייך צו זוכען ארבייט. אנפאנגס האט איהם זיי־נער א פריינד, וועלכען ער האט אפגעזוכט אין עטליכע טעג ארום נאך זיין קומען אהער, געראטען זיך צו נעהמען צו אבי וועלכער ארבייט, ער זאל נאר ווי עס איז דורכשטופען די ערש־טע גרינע מאנאטען און נאכדעם וועט ער שוין קענען געפינען דאס, וואס עס וועט זיך פאסען מעהר פאר איהם. אזוי האט זרח ביסלעכווייז, איבערגעהענדיג פון איין ארבייט צו דער צווייטער, זיך ארויפגעארבייט ביז צעהן דאלאר א וואך.

פון די דאזיגע צעהן פלעגט ער שיקען א היים דריי. ווי־סענדיג אז פון די דריי ווערט דארטען זעקס, פלעגט זיין הארץ זיך אנפילען מיט שטילער אבער ליכטיגער פרייד. ווען ער קען זיי שיקען נאך צוויי דאלאר מעהר, וואלטען זיי שוין דארטען געקענט לעבען ווי די גראפען. מיט צעהן רובעל א וואך וואלט ער זיי שוין פערזארגט מיט אלעם, און דער שטרענגער, שטענ־דיג אנגעכמורעטער טאטע וואלט אפשר אויף די עלטערע יאהרען אמאל אויך א שמייכעל טהאן. און ביים געדאנק, אז דער טאטע

וואָלט געשמייכעלט, דערפיהלט זיך זרח ווי ער איז אין דער היים, אין הויז איז ריין אויפגעראמט, אויפ'ן טיש ליעגט א סערוועט, אלע זיצען ארום טיש, דער טאַטע אויבענאָן, שניידט א קלאָרע גרויסע חלה און טיילט אויס אלעמען המוציא'ס און שמייכעלט.

אָבער באלד ערוואכט זרח פון דעם חלום. מיט זיעבען דאָלאר איז איהם אויך שווער אויסצוקומען, בפרט נאָך מיט פינף. און ער האָפט, אז שפעטער וועט ער אפשר זיך ארויפארבייטען און קאָנען העלפען די היימיגע פון דער פולער האנד.

און דערווייל האָט זיך זרח געטרייסט מיט די ליעבע בריוולעך פון דער היים, וועלכע זיינען געווען געשריבען אין דער פאָלגענדער אָרדנונג: די ערשטע עטליכע צייל̈ען זיינען פון טאַטען, די ערשטע שורה אין לשון קודש, כדי עס זאָל אויסקומען אביסעל טרוקען. לאהובי בני איז פאָרט ניט צו מיין ליעבען זוהן. ווי קען עס אן אלטער טאַטע זיך מאכען נאריש און רופען זיין בחור'ל „מיין ליעבער" — אין לשון קודש לעזט זיך עס שוין בעסער. לאהובי בני איז פאָרט קעלטער. די אנדערע צייל̈ען זיינען שוין גאָר טרוקען, ווי פון אן אלטען בריפענשטעלער. דערפאר אָבער די מאַמע, זי שעמט זיך שוין ניט און שרייבט: מיין ליעבער און טייערער זוהן, און א גאנצע מגילה פון דעם לעבען אין ווענען די זעקס רובעל, און ווענען די פיער טעכטער, וועלכע זיינען שעהן ווי די בת־מלכה'ס און וועלכע דארפען האָבען חתנים, ווען מען זאָל נאָר האָבען אויף נדן פאר יעדערער און אויסשטייערם...

און נאָכדעם קומען שוין קורצע, אבער הארציגע גרוסען פון די שוועסטער, און אלע איין נוסח: מיין ליעבער ברודער, ווען מיר זיך אמאָל זעהן?...

ביז עס איז איינמאָל אָנגעקומען א בריעף, אז דער טאַטע איז זעהר קראנק און קען איצט אליין ניט שרייבען, און גאָט זאָל זיך מרחם זיין.

א צווייטער בריעף האָט שוין געמאָלדען וועגען קדיש זאָגען...

דער שטרענגער אבער אמת'ער גוטער טאַטע איז געשטאָרבען. דאָ האָט זיך זרח דערפיהלט, אז ער האָט אויף זיך א פליכט איבערצונעהמען די ראָליע פון טאַטען. עס איז געבליבען אן אַלטע מאַמע מיט פיער טעכטער.

ברענגען אהער אַלע מיט אמאָל איז אונמעגליך. הלואי קען ער אראָבברענגען דער מאַמען מיט די עלטערע שוועסטער. און נאָכדעם וועט מען שוין זעהן.

און דער יונגער זרח האָט גענומען זאָרגען וועגען צוויי שיפסקארטען: פאר דער מאַמען און פאר דער עלטערער שוועסטער.

אין שאָפּ איז זרח געוואָהר געוואָרען, אַז עס איז דאָ א יונגערמאַן, וואָס קריגט טיקעטס צום אויסצאָהלען. מען דארף איהם בלויז געבען צעהן דאָלאר האנד־געלד, גיט ער גלייך א שיפּס־קארט און ברענגט דיר אראָב וועמען דו ווילסט.

די איבעררינגע סומע צאָהלט שוין אוים די פערזאָן, וואָס קומט צו פאָהרען, ווען זי הויבט אָן צו ארבייטען...

און אויף אזא אופן האָט זרח זיך אָנגעטאָן א כוח, בעקומען פאר צוואנציג דאָלאר צוויי שיפסקארטען און האָט אראָבגעבראכט אהער די מוטער און איין שוועסטער.

דער אגענט, א יונגערמאַן פון נידעריגען וואוקס, פלעגט יעדע וואָך קומען נאָך די צוויי דאָלאר.

זעהענדיג, אז זרח צאָהלט פּינקטליך, און ערפאהרענדיג אז אין דער היים זיינען נאָך דאָ דריי שוועסטער, האָט דער אַגענט פאָרגעשלאָגען נאָך א טיקעט פאר נאָך א שוועסטער.

— וועט איהר צאָהלען נאָכדעם דריי דאָלאר וועכענטליך! האָט דער אגענט, וועלכער איז שוין געווען א שטיקעל בן־בית ביי דער האלבער פאמיליע, זיי בערוהיגט.

אין א צוויי מאָנאַטען ארום איז געקומען די מיטעלסטע

שוועסטער. די אַלטע מוטער האָט געפירט דאָס הויז, און זרח מיט די צוויי שוועסטער האָבן געאַרבעט און געצאָלט פּינקט־ליך די דריי דאָלאַר אַ וואָך.

און כאָטש דער חוב איז נאָך געווען גענוג גרויס און עס האָט נאָך געדאַרפט דויערן לאַנגע מאָנאַטן איהם אויסצו־צאָהלען, האָט דער אַגענט פאַרגעשלאָגען נאָך אַ שיפסקאַרט פאַר דער שוועסטער, וואָס איז אונטער דער אינגסטער; אַז מען צאָהלט דריי דאָלאַר וועט מען שוין צאָהלען פיער דאָלאַר אַ וואָך.

ביז וואַנען אין יוראָפּ איז געבליבן די אינגסטע שוועס־טער ערגעץ ביי אַ פעטער.

די אַלטע מוטער האָט אַלע ווײַלע געזיפצט:

— ווען איך האָב שוין דאָ חנה׳לען, וואָלט איך שוין גאָר ניט געזאָרגט.

און דאָך האָט מען זיך ניט געאײַלט מיט דער שיפסקאַרט פאַר חנה׳לען. עס האָט אויסגעזעהן, אַז די אַריבערגעקומענע פאַמיליע וויל ניט אינגאַנצען אָברייסען מיט יוראָפּ און חנה׳לע וועט זײַן דער מאַגנעט, וואָס זאָל זיי רופען צוריק אהיים.

און ווי לאָזט מען דאָרטען דעם אַלטען איינעם אַליין ליעגען אויפ׳ן בית־עולם, עס זאָל אפילו ניט זײַן ווער עס זאָל קומען איין מאָל אַ יאָהר אויף זײַן קבר?

און דערצו איז די צייט ערגער געוואָרען. זרח האָט פער־לאָרען זײַן אַלטען פּלאַץ און אַ לענגערע צייט קיין אַרבייט ניט געפונען. די „שטוב" האָבן געפיהרט די דריי שוועסטער, וועלכע האָבן אויך ניט אַלע שטענדיג געהאַט אַרבייט.

און דאָ קומט דער אַגענט פּינקטליך יעדע וואָך, מאָנטאָג אַ זייגער זעקס, ווען מען זיצט ביים אָרימען סאָפּער, און נעהמט צו די פאַר דאָלאַר.

— ווּעלען מיר אַמאָל פּטור ווערען פון דעם דאָזיגען מענ־שען! — פלעגט אויסזיפצען די אַלטע. — ער ליעגט מיר שוין אָט דאָ אַ!

און זי פלעגט אנווייזען מיט איהר אלטער אדערדיגער האנד אויפ'ן הארצען.

די מיידלעך פלעגען זיך נעהמען חשבונ'ען ווי פיעל מען דארף נאך איהם צאהלען. דער חשבון איז געווען זעהר פער־פלאנטערט און עס האט זיך זיי גענומען דאכטען, אז פון דעם דאזיגען אגענט, וועלכער איז בטבע נישט קיין שלעכטער מענש, וועלען זיי קיינמאל נישט פטור ווערען.

און אט איז געקומען א וואך, פון וועלכער עס איז גאר נישט געבליבען. דער „גראסערי מאן" און דער „לענדלארד" האבען ווי צוויי רויבער צוגענומען ביז א פעני. דער אגענט איז געקומען מיט'ן זעלביגען „גוד־איווינינג" זיך אוועקגעזעצט מיט'ן זעלבען שמייכעלע אויפ'ן גוטען פנים און געווארט.

די אלטע האט זיך אנגענומען מיט מוט:

— דאס מאל וועט איהר אונז מוזען אפלעגען אויף קינפ־טיגע וואך... מיר האבען נישט.

די עלטערע שוועסטער האט פון איהר זייט צוגעגעבען:

— נעקסטע וואך וועט איהר זיכער בעקומען. „פאר שור!"

און זרח האט אויך געפונען פאר נויטיג צו פערשטארקען די פערשפרעכונג:

— נעקסטען מאנטאג בעקומט איהר...

— הייסט עס — אכט דאלאר...

די דאזיגע סומע האט זיך דורכגעטראגען אין צימער, וואו זיי זיינען אלע געזעסען, ווי א דונער. נים וועלענדיג בלייבען קיין ליגנער האט זרח א מורמעל געטהאן: אכט ניט אכט — איבער אכטאג מאנטאג אם ירצה השם.

דעם דאזיגען אם ירצה השם האט ער אויסגערעדט ווי זיין טאטע, וועלכער פלעגט אין שלעכטע צייטען, נישט קענענדיג אבצאהלען א חוב, אזוי נכנע'דיג מבטיח זיין.

און זרח האט זיך דערמאהנט אן דעם טאטען, וואס איז גע־בליבען ליענען איינער אליין אויפ'ן בית עולם, און נאכדעם אן

דער לעבעדיגער אינגערער שוועסטער, און האָט געטראַכט:

— ווען מיר קענען איצט בעקומען פינף שיפסקאַרטען וואָלט מען אפשר גאָר געפאָהרען צוריק.

אָבער צוריק איז שוין קיין וועג נישט געווען און מען האָט דער אינגסטער שוועסטער, חנה'לען, פאַרט געמוזט ברייגגען אהער.

נישט קוקענדיג אויף די לעצטע, נישט פּינקטליכע צאָהלונגען, האָט דאָך דער אַגענט צוליעב פּרנסה, געררייזיקירט נאָך א שיפס־קאַרט: די פאמיליע איז דאָך פאַרט אַן עהרליכע, האָט ער זיך אליין געטרייסט. א סך אַזעלכע קאַסטימער האָט ער נישט.

און אויסער דעם איז איהם דאָס דאָזיגע הויז טייער געוואָרען. ער האָט זיך גאָר נישט געקענט פאָרשטעלען, אז עס וועט אמאָל קומען א מאָנטאג ווען ער וועט אהער שוין נים דאַרפען קומען.

איהם האָט זיך געדאַכט, אז נאָכ'ן דאָזיגען הויז וועט ער בענקען.

---

ענדליך איז געקומען חנה.

דאָס איז געווען א בלאַנדע מיידעל פון צוואַנציג יאָהר, לויט'ן חשבון פון דער מאַמע'ן, און נײַנצעהן, לויט'ן חשבון פון די איבריגע אין הויז. זי אליין האָט זיך אבער געהאַלטען פאַר א קינד. נישט קוקענדיג, וואָס זי האָט, זייענדיג דאָרטען אליין, א סך איבערגעלעבט, איז זי געווען די ערשטע טעג נאָך איהר קומען פרעהליך און איז נים מיעד געוואָרען צו דערצעהלען מעשיות און אַנעקדאָטען פון דער היים.

דעם נעקסטען מאָנטאג איז ווידער געקומען דער אַגענט.

די מוטער האָט זיך אַנגערופען:

— ווייסט, חנה'לע, אַז דער יונגער מאַן האָט דאָס געגע־בען די שיפסקארט. דו וועסט מוזען זעהן ארבייטען און אליין אויסצאָהלען. מיר צאָהלען איהם שוין פינף דאָלאר א וואָך.

חנה'לע האָט געוואָרפען א קינדישען אבער דורכדרינגענדען בליק אויפ'ן אגענט און קינדיש־בייזליך אויסגערופען:

— וואָס וועט ער מיר טהאָן, אז איך וועל איהם נישט צאָהלען?

און דיט זיך גלייך צולאכט...

דער אגענט האָט זיך פערלאָרען, האָט תמ'עוואטע א שמיי־כעל געטהאָן און געענטפערט:

— וועל איך נעהמען אייך פאר א משכון...

אלע אין הויז האָבען זיך ווי פערלעגען איבערגעקוקט. נאָר זרח האָט זיך געפונען, און ווי בעשטראהלט פון אן אידעע, האָט ער זיך אָנגערופען:

— וואו וועט איהר זי הינטהאָן?... אייער פרוי וועט דאָך אייך אָנקלאָגען פאר קידנעפּען א מיידעל...

— מייז פרוי? — האָט דער אגענט מיט א גליקליכען שמייכעל צוריק געוואָרפען — איך האָב נישט קיין פרוי, איך בין נאָט צו דאנקען א פרייער.

— איהר זייט נאָך „צינגעל"?... האָט די אלטע מוטער ווי פער'חדוש'ט איבערגעפרעגט.

— געוויס בין איך סינגעל — האָט דער אגענט ווי בע־ליידיגט געענטפערט, — וואָס מיינט איהר, ווי אלט בין איך?

די הויזיגע האָבען זיך גענומען שאצען, ביז וואנען חנה'לע האָט אויסגעשאָסען:

— א יאָהר פערציג! — און האָט זיך צולאכט.

— איך וועל אייך געבען — פערציג! — האָט דער אגענט בייז געדרעהט מיט'ן פינגער.

די מוטער האָט געמוזט מאכען א פשרה:

— זי איז א יונגע ציג — פרעג איהר בחרם! איהר מוזט זיין אלט א יאָהר עטליכע און צוואנציג.

— זעקס און צוואנציג! — האָט דער אגענט מיט א נאַרישען ערנסט ארויסגעזאָגט, און עס האָט זיך געפיהלט ביי אלע אין הויז, אז דער אגענט האָט אראָבגעכאַפּט א צוויי־דריי יאָהר, אויב נים די גאנצע פיער...

דאָס געשפּרעך האָט זיך שוין ווייטער נישט געקלעפּט. די דריי עלטערע שוועסטער זיינען ארוים אין צווייטען רום. געבליבען איז זרח, די אלטע מוטער און חנה.

נאָך א קליינעם שווייגען האָט זרח זיך אָנגערופען:

— קומט נעקסטען מאָנטאָג און מיר וועלען זעהן איינאָרדנען די נייע צאָהלונגען. מיר האָפען, אז חנה וועט שוין די טעג אָנהויבען ארבייטען.

דער אגענט האָט אויף איהר א קוק געטהאָן און, ווי פון זיך אליין, קעגען זיין ווילען, ארויסגעמורמעלט:

— אזא שעהנע מיידעל איז גאָר א שאָד צו שיקען אין שאַפּ.

און זאָגענדיג א גוט־נייטה, קוקענדיג אויף חנה'ן, איז ער ארוים.

---

דעם קינפטיגען מאָנטאָג איז ער געקומען אין א נייעם אנצוג, א פריש־געראַזירטער און האָט אויסגעזעהן גאָר נישט ווי דער פריהערדיגער אגענט. ער האָט אלע ווײַלע געהאַלטען די האנד אין טאַש און געוואָלט פון דאָרט עפּעס ארויסנעהמען, אבער ער האָט נישט געוואָגט.

ענדליך האָט ער געפּאַסט מוט און דאָך ארויסגענומען. דאָס איז געווען א קעסטעלע קענדי.

— דאָס איז פאַר אייך! איהר זייט א גאַסט!

און האָט דערלאַנגט חנה'ן.

חנה האָט זיך איבערגעקוקט פריהער מיט זרח'ן, נאָכדעם מיט דער מאמען און באלד מיט די דריי שוועסטער, און האָט אויסגעשאָסען א געלעכטער:

— וואָס איז דאָס ?

די מוטער האָט ווידער געמאכט א פשרה.

— דאָ איז אזא מאָדע, מען ברענגט קענדי.

— וואָס איז דאָס קענדי ? — איז שוין חנה'לע ערנסט געוואָרען און האָט זיך געשטויסען אויף עפּעס זעהר אינטערע־סאנטעס און פערוויקעלטעס...

— קענדי איז צוקערליך...

— וואָס בין איך א קינד ? — האָט זי זיך גע'חדוש'ט...

— איהר זייט א גאסט — האָט דער אגענט געשטאמעלט.

באלד איז זרח צוגעגאנגען צום תוך:

— מיר וועלען מאכען א חשבון: מיט חנה'ס שיפסקארט טרעפט אַן אונזער חוב נאָך הונדערט פופציג דאָלאר... וועלען מיר דאָס מאכען אויף דריי דאָלאר א וואָך...

— גע'פועל'ט — האָט דער אגענט גלייך מסכים געווען, און געקוקט אויף חנה'לען.

די מוטער האָט זיך אריינגעמישט.

— די הוצאה וועט גרעסער, אפשר וואָלט דער הערר גע־מאכט אויף צוויי דאָלאר א וואָך, ביז וואנען חנה'לע וועט אָנהוי־בען צו ארבייטען ?...

דער אגענט האָט פערלעגען זיך פערטראכט. ער האָט גע־וואָלט געהן נאָך ווייטער: א דאָלאר א וואָך, וועט ער קענען געהן אהער נאָך דריי יאָהר און זעהן חנה'ן. ער האָט עס אבער נישט געוואגט דייטליך עס צו זאָגען. ער האָט בלויז געשטאמעלט:

— עס איז אַל רייט ! עס איז אַל רייט !

און ער איז שוין געבליבען זיצען און טרינקען א גלאָז טיי...

* * *

אבער קיין דריי יאָהר האָט ער נישט געדאַרפֿט געהן. אין דריי וואָכען אַרום נאָך די קענדי האָט ער געבראַכט אין טאַש א רינגעלע.

נאָך א קורצען אויספֿרעגען די הויזינגע, און ערפֿאהרענדיג אז חנה האָט נאָך אַלע קיין ארבייט נישט, האָט ער זיי געטרייסט און געזאָגט:

— איך האָב היינט געקויפֿט א מציאה — א שעהן רינגעלע. אויב איך מעג מיך ערלויבען, וואָלט איך עס געשענקט חנה'ן.

חנה'ן איז דאָס רינגעלע זעהר געפֿעלען געוואָרען. זי האָט איהם אָנגעמאָסטען און ער איז שוין געבליעבען אויף איהר שעהנעם ראָזעווען פֿינגער.

און ענדליך האָט חנה'לע אויסגעקויפֿט איהר מוטער, ברודער און איהרע שוועסטער פֿון דעם אנענט און זיי זיינען געוואָרען מיט איהם קווייט.

איצט קומט ער אַלע טאָג, אבער נישט נאָך דעם חוב, נאָר נאָך חנה'לען. ער נעהמט זי אויס אין די שעהנסטע פּלעצער. מען שמועסט, אז דער „באָי" פֿערמעגט ביי א דריי טויזענד דאָלאר — א גאָלדענער שדוך!...

# אין אויטאמאביל.

(ניו־יאָרקער ערצעהלונג)

אויסצולערנען איהר „טרייד“ איז ליזען אָנגעקומען זעהר שווער. עס איז געווען א טרייד, וואָס צאָהלט זיך אָם בעסטען און ליזע האָט אָנגעוועגדט זאָגאר בלאָף־מיטלען, אבי די דאָזיגע ארבייט אויסצולערנען. אריינקומענדיג אין שאָפּ און נאָך דער ערשטער פראגע פון באָס, וואָס קען זי ארבייטען, האָט זי מיט א געמאכטער רוהיגקייט אין טאָן געענטפערט:

— איך בין א „דרייפּערין“ !

קיין דרייפּערין איז זי אבער דעמאָלט ניט געווען און זי האָט זיך בלויז פערלאָזען אויף איהרע פעהיגקייטען. זי וועט שטעהן און נאָכקוקען ווי מען ארבייט און זי וועט אזוי שטי־לערהייט נאָכארבייטען.

אין דעם ערשטען שאָפּ האָט מען זי אויפ'ן צווייטען טאָג געכאפּט:

— דו ביזט אזא דרייפּערין, ווי איך בין א טענצערין — האָט איהר די פאָרליידי קריטיקירט. און זי האָט דעם פּלאַץ גלייך פערלאָרען.

בעקומען אבער פאר'ן טאָג ארבייט האָט זי פּונקט ווי א דרייפּערין: דריטהאלבען דאָלאר. ליזען האָט הנאה געטהאָן, וואָס איהר איז געלונגען אזוי אָבצונארען א באָס. זי האָט אָן איהם ווי געזעהן א נקמה. מעהר אָבער האָט איהר געפרעהט די דריט־האלבען דאָלאר, מיט וועלכע זי קען לעבען עטליכע טעג און דער־ווייל זוכען א נייעם פּלאַץ און טאקע ווידער אלס דרייפּערין...

אויפ'ן צווייטען פּלאַץ האָט זי שוין אָבגעארבייט צוויי טעג. נעכאפּט האָט מען זי ערשט אויפ'ן דריטען טאָג. דעמאלט

האָט זי שוין אין דער נייער ארבייט געהאט א שטיקעל בעגריף און אז די פּאַרליידי האָט זיך אויף איהר ארבייט געקרימט, האָט ליזע זיך איינגעשטעלט און גע'טענה'ט מיט קוראַזש:

— איך בין א דרייפערין!

געהאָלפען האָט דאָס איהר אפילו ניט. דעם פּלאַץ, ווי גע־זאָגט, האָט זי פערלאָרען, בעקומען אָבער האָט זי געהאלט פאר צוויי מיט א האלבען טאָג איבער פינף דאָלאר און דערצו האָט זי שוין איהר נייעם פאך באלד אויסגעלערנט. זי דאַרף נור א פּאָר באָסעס אָבצוגארען און ענדליך וועט זי ווערען א ריכטיגע דרייפערין און וועט פערדיענען ביז פופצעהן דאָלער א וואָך.

און א מוטיגע פלעגט זי אלע אין־דער־פריה אויפשטעהן און זוכען א נייעם פּלאַץ, און טאקע נאָר אלס דרייפערין. און אויף אזא אופן האָט זי איהר פאך גוט אויסגעלערנט און איז גע־וואָרען באלד איינע פון די בעסטע ארבייטערינס.

ליזע איז געוועזן נאָך יונג און שעהן, און ניט נאָר די פּאָר מענער פון שאָפּ פלעגט זי געפעלען, אפילו די פּאַרליידיס האָבען איהר ליעב געהאט. ארבייט פלעגט מען איהר אויסטיילען די לייכטערע, און דער באָס, וואָס פלעגט עטליכע מאָל ארייננקו־מען אין שאָפּ געוואָהר ווערען די ארבייט, האָט ניט איינמאָל געוואָרפען אויף ליזע'ן א פריינדליכען בליק...

ליזע האָט געמערקט, אבער זי האָט זיך געמאכט ניט זעהענ־דיג. די באָסעס, מעגען מאנכע פון זיי זיין יונג און שעהן, האָט זי ניט נעגליכען. געשטאמט האָט זי פון א רייכער אידישער יחוס־פאמיליע אין פּוילען און זי האָט ניט געקענט פערטראָגען די האלטונג פון די אויפגעקומענע גראָבע מענשעלעך... געוואוסט האָט זי, אז ווען זי וואָלט איינעם פון זיי בלויז א פריינדליכען שמייכעל געשענקט, וואָלט זי אפשר פערשפּאָרט צו ארבייטען, און אנשטאט אויסצואַרבייטען א טאָג עטליכע און צוואנציג קליידער אויפ'ן פיגור, וואָלטען פאר איהרע אנדערע מיידלאך

די עלטערע און די מאוס׳ערע, אויסגעארבייט קליידער. וואס זי וואלט זיי אליין געטראגען...

אבער אזוינס פאלט איהר אפילו ניט איין! פערקויפען קען זי איהרע הענד, אבער ניט איהר שמייכעל. איהם האלט זי פאר א פריינד, וועלכער וועט אמאל קומען. ער איז א הויכער, א בלאסער, מיט גרויסע שווארצע אויגען. זי קען איהם שוין אין נעדאנק עטליכע יאהר, זי זעהט איהם אין חלום און אויפ׳ן וואהר...

עס איז נאר א שאד, וואס די שעהנסטע יאהרען געהען אוועק אין שאפ. א דרייפערין איז אפילו א גוטע ארבייט, אבער לייכט איז עס ניט. א גאנצען טאג מוז מען שטעהן מיט א פור־לען מויל מיט שפילקעס און שפילעווען די רייכע קליידער, וואס הענגען אויף די אונבעוועגליכע פיגורען.

אבער זי וועט דאך אמאל דערפון בעפרייט ווערען. דער הויכער, בלאסער יונגער מאן מיט די שווארצע גרויסע אויגען און ליעבען שמייכעל ארום די שעהנע ליפען, וועט דאך אמאל קומען און וועט זי בעפרייען פון שאפ, פון באס, פון דער פיגור און פון די שפילקעס!...

---

שלעכט איז בלויז, ווען אין לאנד ווערט א קריזיס און עס איז שווער ארבייט צו קריגען. די ערשטע פאר וואכען האט זי נאך אביסעל געלד און זי רוהט זיך אב. זי געהט אפילו יע־דען טאג זוכען, אבער ניט מיט אזא חשק. אריינגעהענדיג אין אפיס און פרעגענדיג אויף ארבייט, ווינשט זי טיעף אין האר־צען, אז מען זאל איהר אבזאגען. זי האט נאך עטליכע דאלער און זי קען נאך אויסהאלטען. אז די פאר דאלער אבער געהען איהר אויס, זוכט זי שוין ארבייט מיט מעהר ענערגיע. זי קומט צום שאפ די ערשטע, כדי די פיעלע אנדערע מיידלעך, וואס

זוכען ארבייט, זאָלען איהר ניט אויסכאפּען. שווער איז אבער אין א קריזיס־צייט זיין די ערשטע. ווי פריה זי זאָל ניט אויפשטעהן, זיינען דאָך דאָ מיידלעך, וואָס שטעהען אויף נאָך פריהער. זי איז שוין א פּאָר מאָל געווען דאָס פערטע, איין מאָל די דריטע, אבער די ערשטע איז זי נאָך קיינמאָל ניט געווען..

נאָר עס העלפט ניט און קריזיס־צייט צו זיין די ערשטע. מען נעהמט דעמאָלט קיינעם ניט צו. און די אלע מיידלעך, מיד פון שטעהן ביין שאפּ, ניט אויסגעשלאָפענע, לאָזען זיך צום נאָהענסטען דעפּארטמענט־סטאָר, וואו זיי רוהען זיך אביסעל אוים אין גרויסען זאָל פאר די געסט.

אָבער ניט שטענדיג איז די דעפּארטמענט־סטאָר נאָך אָפען. דאָס רוב קומט אוים צו ווארטען אונטען ביז מען עפענט אויף. דער געשעפטס־פיהרער, וואָס שטעהט אונטען, איז אבער העפליך צו דעם דאָזיגען מין קאָסטימער; ער לעגט זיי פאָר שטורען צו זעצען זיך. איהם געהט גאָר ניט אָן, וואָס זיי זיינען אלע ארבייטאָרינס, און די אלע שעהנע סחורות, וואָס געפינט זיך אין די אונגעהייער פיעלע אָבטיילונגען, איז ניט פאר זיי. ער וויים איין כלל: מענשען העפליך צו בעהאנדלען! און דעם זכות פון דעם ביזנעס־כלל געניסען די ארבייטסלאָזע מיידלעך און רוהען זיך אביסעל אָפּ.

ליזע האָט די דאָזיגע דעפּארטמענט־סטאָר זעהר ליעב. דאָ איז אזוי פיעל רייכקייט און ברייטקייט. זי שעמט זיך יור, וואָס זי קומט אהער ניט אלס קויפערין, נור אלס איינע פון די ארבייטסלאָזע. און נאָכדעם, ווי זי רוהט זיך אָפּ אין דעם גרויסען זאָל און מאכט דאָרט איהר טואלעט, וואָס זי האָט, איילענדיג זיך, אין דער היים ניט געמאכט, געהט זי אראָפּ אמאָל אין א מאנכער אָבטיילונג פון ביליגע וואַרע און גיעט צו לייזען עטליכע סענט... און זאָל עס נימ הייסען, אז זי איז אויך אן ארבייטסלאָזע מיידעל, וואָס איז בלויז ארויף אָבצורוהען זיך און די האָהר צו פערקאמען...

און אז געהען אוועק נאך א פאר וואכען און קיין ארבייט איז אלץ נימא, ווערט ליזע פערצווייפעלטער. זי קויפט איידער זי געהט שלאפען פערשיעדענע צייטונגען און זוכט די אבטיילונג, וואו מען פערלאנגט דרייפערינס...

אבער אלע פייפערס האבען די דאזיגע אבטיילונג אויסגעשלאסען...

איהר טרייד, וועלכען זי האט אזוי קונציג אויסגענארט פון די שעפער, איז שוין ווי פערלארען.

און ליזע בעשליעסט, אז זי וועט דערווייל זיך נעהמען צו אן אנדער ארבייט. זי דערמאהנט זיך דאס ערשטע יאהר, ווען זי איז אהער געקומען, דאס איז געווען מיט א יאהר זעקס צוריק, האט זי געארבייט ערגעץ אין דאן־טאון ביי קעסטעלאך, און האט גענומען צוויי דאלער א וואך... זי איז דעמאלט אלט געווען זעכצעהן יאהר און איז געווען דערמיט זעהר גליקליך. געוואוינט האט זי דאמאלס ביי איהרע א טאנטע, 30 בלאק פון שאפ, און זי פלעגט געהן צו פוס היין און צוריק..

זי זוכט אין די פייפערס, פון נייגעריגקייט וועגען, אזא מין פלאץ. עס וואלט פאר איהר געווען ווי א גרוס פון איהר ערשטען יאהר אין ניו יארק. אבער דאס זוכען איז אומזיסט. קיין קעסטעלאך מאכט מען שוין ניט מעהר. זי וואלט נאטירליך איצט פאר צוויי דאלער א וואך נישט געארבייט, אבער טשיקאווע איז דאך צו וויסען, וואו איז איצט אהינגעקומען די דאזיגע קעסטעל־פאבריק!... זי האט שוין אפילו פערגעסען אויף וועלכער סטריט דאס איז געווען...

---

איינמאל זיינען פערגאנגען לאנגע וואכען און קיין ארבייט האט ליזע ניט געפונען.

די מיסעס, וועלכע איז צו איהר שטענדיג פריינדליך געווען, האט ענדליך אויף איהר אנגעהויבען קוקען קרום...

אַ נאַרישע מיסעס! — האָט ליזע גיִלאַכט אין געדאַנק— צוליעב אַכט דאָלער, וואָס זי איז איהר שולדיג פאַר דירה־געלד ווערט זי ברוגז און אויסער וואָס זי בעט געלד, רעדט זי מיט איהר ניט קיין צוויי ווערטער.

אָבער ליזען אַרט ניט, וואָס די מיסעס רעדט מיט איהר ניט. קיין גרויסע חכמה איז די מיסעס ניט געווען אין די בעס־טע צייטען, בפרט דעמאָלט, ווען זי איז ברוגז. איהר נאַרישער נאָז קוקט נאָך אויס נאַרישער, און איהרע קליינע אויגען זיינען נאָך קלענער געוואָרען. זי זשמורעט זיי אַזוי, אַז עס דאַכט זיך, אַז באַלד ווערט זי בלינד...

— ביי־ביי — לאַכט ליזע פון איהר אין געדאַנק. אַז זי וועט איהר זיין שולדיג פאַר נאָך אַ מאָנאַט, וועט זי שוין גאָר צומאַכען די אויגען...

ניין! בעשליעסט ליזע פעסט — זי מוז וואָס גיכער בע־קומען אַ דזשאַב...

זי איז ערשט די לעצטע טעג געפאַלען אויף אַ פּלאַן נישט צו זוכען אין די פּייפּערס דוקא די אַדוועדטייזמענטס, וואו מען פערלאַנגט „העלפּ". אויסער „העלפּ" ווערען געזוכט אין פּיע־לע אַבטיילונגען גאַנצע מענשען אויך...

אָט זוכט אַ רייכע ליידי אין ריווערסייד דרייוו אַ געזעל־שאַפטס־ליידי צו פאָהרען מיט איהר אין קאַליפאָרניע... נאַטיר־ליך, דאָס איז ניט פאַר ליזען... יענע זוכט אויסדריקליך אַ גע־בילדעטע פריילין, און ליזע האַלט זיך פאַר ניט געבילדעט, כאָטש ענגליש לעזט זי ניט שלעכט, אָבער געבילדעט הייסט עס ניט...

אָט זוכט מען אַן אַס... ליזע ווערט רויט און צולאַכט זיך...

אָט זוכט אַ דענטיסט אַ יונג מיידעל אויפצונעהמען פּאַ־ציענטען...

דאָס איז שוין דוקא ביים ווענ... ווערט ליזע ערנסט און בלייבט שטעהן לענגער אויף דער קורצער אַנאָנס...

זי וועט מאָרגען גאַנץ פריה אויפשטעהן און וועט טאקע געהן צום דענטיסט... שפּעטער קען זיין וועט ער איהר פּלאָמבי־רען א פּאָר צייהענר, וועלכע זיינען איהר די לעצטע צייט קאַ־ליע געוואָרען און טהוען איהר איצט וועה...

זי ווייס נאָר ניט ווי ווייט זי וועט האָבען צו געהן. געהן וועט זי מוזען, ווייל קיין ניקעל אויף קאַר־פּעיר האָט זי שוין ניט פון א פּאָר טעג... א גליק, וואָס זי האָט נאָך קרעדיט אין גראָסערי סטאָר און באָרגט זיך דאָרט אלע טאָג א פּאָר זעמעל מיט פּוטער צום עסען... קעש קען זי שוין דאָרט ניט באָרגען...

אָבער עס שאַדט ניט, זי וועט „וואָקען". דער דענטיסט וואוינט אפילו אין דער וועסט־סייד, אָבער מעהר ווי צוויי שטונ־דען קען דאָך ניט דויערן, ווי ווייט עס זאָל ניט זיין! אין דער פריה איז נאָך ניט שטארק הייס.. .זי וועט געהן...

---

עס איז געווען דוקא א הייסער פריהמאָרגען. ליזע איז נאָך א שטונדע געהן געוואָרען זעהר מיעד. מיט ברענענדיגע אויגען האָט זי געקוקט אויף יעדער פערביילויפענדיגער קאַר, האָט זיך צייטענווייז אָבגעשטעלט און געקוקט צום קאָנדוקטאָר... א יונ־גער קאָנדוקטאָר האָט אָבגעשטעלט די קאַר, מיינענדיג, אז ליזע וויל ארייננשטייגען. זי האָט זיך פערשעמט און האָט זיך געלאָזט שנעל געהן. די קאַר איז ווי מיט רוגזא פערביי געלאָפען און לי־זען האָט זיך געדוכט, אז דער קאָנדוקטאָר זידעלט זי, וואָס זי האָט איהם געמאכט אומזיסט צו סטאָפּען.

ענדליך האָט זי זיך פערקירעוועט אין א ברייטער און שטי־לער עוועניו. קיין קארס האָבען דאָ ניט קורסירט, און ליזען האָט עס ווי געפרעהט. די פערביילויפענדע קארס אויף יענע סטריטען האָבען זי בלויז גערייצט און דעם שווערען, לאַנגען וועג געמאכט איהר לענגער און שווערער.

אמת, דאָ איז פון צייט צו צייט דורכגעפלויגן אַן אויטאָ־מאָביל. אבער דאָס האָט איהר שוין ניט געאַרט. אַן אויטאָמאָ־ביל קען איהר נים רייצען, ווייל זי ווייס, אַז אַזוינס איז ניט פאַר איהר, וועהרענד צו אַ קאַר איז זי שוין אַזוי געוואוינט...

זי איז אבער ענדליך געוואָרען זעהר מיעד, האָט אָנגעהויבען צו גענען לאַנגזאַמער, די פיס האָבען זיך ווי געוואַקעלט, און דער שווייס אויפ'ן שטערען איז געשטאַנען אין גרויסע טראָפּענס אין זי האָט עס אַלע מינוט אָראָבגעווישט מיט'ן טיכעל...

נאָר אַט האָט לאַנגזאַם דורכגעשפּאַצירט אַ לעדיגער אויטאָמאָביל, אין וועלכען עס איז געזעסען בלויז דער שאָפער פון פאַרענט און האָט ווי נאַכלעסיג געפראַוועט...

דער שאָפער, אַ יונגער בלאָנדין, אין אַ שאָפער־אַנצוג, האָט ליזען האַלב פערדעכטיג, האַלב פריינדליך אָנגעקוקט, האָט צו איהר אַ שמייכעל געטהאָן און צופאָהרענדיג נעהענטער צו דעם טראָטואַר, וואו ליזע האָט זיך קוים געשלעפּט, האָט ער זיך פריינדליך אָנגערופען:

— וואוהין געהסטו?

ליזע האָט מיט דאָרשטיגע בליקען אָנגעקוקט פריהער דעם אויטאָמאָביל, נאָכהער דעם שאָפער און ביידע זיינען געווען אַזוי גוטהערציג און פריינדליך. זי האָט אָפענהערציג געענט־פערט און אָנגערופען די סטריט מיט דעם נומער.

— זעץ זיך! איך וועל דיך צופיהרען! — האָט דער שאָ־פער פאָרגעלעגט.

ליזע האָט זיך טיעף אין האַרצען דערפרעהט, זי האָט אָבער פון יוצא וועגען, ער זאָל ניט מיינען, אַז זי איז אַן אויס־געלאַסענע מיידעל, זיך געוואַקעלט...

—איך קען דיך ניט... איך האָב מורא... דו וועסט מיך פערפיהרען...

— אויב דו האָסט מורא, ברויכסטו ניט... האָט דער שאָ־פער רוהיג געענטפערט און האָט שוין געוואָלט אָבפאָהרען.

אָבער ליזע האָט גלייך ווי מורא האָבענדיג ניט פערלירען אזא גליק — איהם נאָכגעגעבען:

— אלל־רייט, איך דאנק דיר! פיהר מיך צו... זי האָט זיך אוועקגעזעצט ביי דער רעכטער זייט פון שאָפער. ער האָט גלייך א דרעה געטהאָן דאָס הענטעל פון אויטאָמאָביל און ליזע האָט זיך שוין געטראָגען, דאָס ערשטע מאָל זייט זי לעבט, איבער די ברייטע, געפלאַסטערטע עוועניו, און א שטארקער אבער מילדער ווינד, וואָס דער יאָגענדער אויטאָמאָביל האָט פערזוכאכט, האָט איהר געקיהלט דאָס ברענענדע געזיכט און דעם הייסען שטערען...

דער שאָפער האָט פון צייט צו צייט אויף איהר געוואָרפען פריינדליכע בליקען. ליזען איז דורכגעפלויגען אין קאָפּ אלער־ליי געשיכטען, וואָס זי האָט זיך אָנגעלייענט אין צייטונגען און ביכער וועגען דעם, ווי אזוי מען האָט אין אזא אופן „געקיד־נעפּט" יונגע מיידלעך, אוועקגעפיהרט זיי ערגעץ אין דער וויל־דער וועסט און דאָרט האָט מען זיי געהאלטען אין א חדר, דער אטאמאן, א ווילדער יונג, מיט לאנגע שווארצע לאָקענס און גרויסע שווארצע אויגען...

אָבער ליזען האָט עס איצט ניט געשראָקען. די צוויי מאָ־נאט ארבייטסלאָזיגקייט און מאנגעל, דער איצטיגער צו פוס געהן און דער געדאנק וועגען איהר מיסעס, ווענען זי איז געלד שולדיג, האָט איהר יונגעס וועזען פערפאנצערט און זי איז גע־ווען גרייט אויף אלעס!

זי האָט געקוקט מיט דאנקבארע בליקען אויפ'ן יונגען, גוט־מוטיגען שאָפער און האָט זיך מיט איהם צורעדט, ווי מיט איי־נעם, וואָס זי קען שוין זעהר לאנג, רוהיג און זיכער.

צום גליק, אָדער צום אומגליק, האָט ער קיין שלעכטעס ניט געמיינט. ער האָט בעמערקט, ווי זי געהט און וואקעלט זיך, האָט ער פערשטאנען, אז זי איז מיעד, איהר געזיכט איז איהם גע־פעלען געוואָרען, ער האָט א פּאָר פרייע שטונדען, אָט האָט ער

איהר פאַרגעלעגט זיך זעצען...

ער וועט איהר צופיהרען צום דענטיסט און וועט זאָגאר ווארטען, ביז זי וועט ארויס פון דאָרט און וועט זי פיהרען צו־ריק אהיים... ער האָט צייט און זי געפעלט איהם באמת, אבער קיין שלעכטס מיינט ער ניט...

ענדליך האָט זיך דער אויטאָמאָביל אבגעשטעלט פאר'ן הויז, וואו דער אָפיס פון דענטיסט האָט זיך געפונען. א יונגער מאַן מיט א דיקען אונפריינדליכען פּנים האָט ארויסגעקוקט דורכ'ן אָפענעם פענסטער און זעהענדיג, ווי ליזע קומט ארויס פון אויטאָמאָביל און מיינענדיג, אז זי איז א רייכע פּאציענטין איז ער איהר געלאָפען אנטקעגען און זיך געפלייסט צו ווערען פריינדליך. ליזע האָט אנגעקלונגען. דער זעלבער דיקער מאַן האָט איהר די טהיר געעפענט. זי האָט ארויסגענומען די אדרעס און ניט דרייסט געפרעגט:

— זוכט איהר אן אָפּיס־מיידעל?...

דעם דענטיסטס פּנים איז נאָך ברוגז'ער געוואָרען ווי פרי־הער, שטעהענדיג ביים פענסטער. ער האָט ליזען אָנגעקוקט מיט פערדאכט און רוגזא, האָט ארויסגעקוקט צום גאַס, וואו עס איז ביים הויז געשטאַנען דער אויטאָמאָביל און טרוקען ארויסגע־ברומט:

— ניין! ניט אזא האָב איך געזוכט!

און איז אַהן א וואָרט מעהר צו זאָגען מיט רוגזא אבער אויך מיט גרויסע זעלבסטשעצונג ארויף אויף די שטיגען...

ליזע איז א פערשעמטע ארויס און האָט זיך ווי נידערגע־שלאָגען ארייננעזעצט צוריק אין אויטאָמאָביל...

דער אויטאָמאָביל האָט זיך שנעל געטראָגען איבער דער ברייטער עוועניו, ארייננעקירעוועט זיך נאָכהער אין די טומעל־דיגע, רוישענדע סטריטען, אין דער ריכטונג וואו ליזע וואוינט.

דער שאָפער האָט איהר ענדליך געפרעגט וואו זיך אָבצו־שטעלען...

ליזע האָט אָנגערופען די ספרים און דעם נומער. דער שאָ־פער איז געווען בערייט זי אהין צו ברענגען. באלד אָבער האָט האָט זיך ליזע געבעטען:

— ניין! אהין פיהר מיך ניט! די מיסיס וועט אויך מיי־נען דאָסזעלבע ווי דער דענטיסט!

— וואוהין דען ווילסטו? — האָט דער שאָפער איהר פריינדליך געפרעגט...

— וואוהין? וואַרט, כ'וועל באלד בעקלערען.

און זי האָט זיך פערטראַכט:

וואו זאָל זי דעם אויטאָמאָביל ווירקליך אבשטעלען? אך, ווען ער וואָלט ניט געווען אזא פיינער, אזא גוטער און וואָלט זי געקידנעפט, אוועקגעפיהרט זי ערגעץ ווייט אין דער וועסט, און געהאלטען זי אין א חדר, געגעבען עסען און טרינקען...

— נו, וואו זאָל איך מיט דיר פאָהרען? האָט איהר דער שאָפער אפּגעריסען פון איהרע געדאַנקען...

— פיהר מיך.. פיהר מיך צו א גרויסען דעפּארטמענט־סטאָר... צו א דעפּארטמענט־סטאָר.

און דער אויטאָמאָביל האָט זיך געלאָזט און זיך ענדליך אפּגעשטעלט נעבען איינער פון די גרעסטע דעפּארטמענט־סטאָרס.

ליזע איז א וואקלענדיגע אראָפּגעגאנגען, זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען און פערגעסענדיג צו בעדאנקען דעם שאָפער איז זי אריין אין סטאָר און איז פערשוואונדען געוואָרען אין די פיעלע לאנגע אָבטיילונגען...

# שותפים.

אליה יונהס׳ הייזעל איז געווען ווי א סך הייזעלעך אין שטעדטעל: א הילצערנעס, א קליינס, און דער דאך איז געווען געדעקט מיט שינדלען. די פענסטער זיינען נאך קלענער געווען ווי די פענסטער פון די שטעדטעלשע הייזלעך. א דאנק די קליינע פענסטער מיט די קליינטשיקע שייבעלעך האט דאס הייזעל אויסגעזעהן ווי א גוי׳שע, להבדיל.

און דאך האט מען דאס הייזעל גערופען: דאס גאלדענע הייזעל.

און א סך בעלי בתים פלעגען זיך מיט׳ן דאזיגען הייזעלע בענשען!

— ניט קיין הייזעל איז דאס — א שפע! פלעגען די בעלי בתים אונטערזיפצען.

— ווען איך פערמעג אזא הייזעלע וואלט איך שוין ניט געהאט וואס צו זארגען! — פלעגט א מעהר בעל מקנא צו־העלפען.

— א קלייניגקייט! דאס לעצטע הייזעל אין אזא געגענד!

און אט דערין טאקע איז בעשטאנען די מזל ברכה פון הייזעל: דאס לעצטע אין גאס! און נאך וואס פאר א גאס. די רייכסטע דערפער ליגען צוזייט און צושפרייט אין דעם דאזי־גען געגענד. דערפער לרוב, און די פויערים פון די דאזיגע דערפער זיינען עפעס ניט אבי וועלכע. אמת׳ע בעלי גופים, מיט פעלדער און פיה און היהנער און פיש. יא מיט פיש, ווייל אין יענער געגענד געפינען זיך טייכען און די טייכען פערמעגען די בעסטע פיש!

און וואוהין פאלען אריין די תבואות, די קעלבער, די הינד־נער, די אייער, די טרוקענע יאגדעס, די שוועמלעך און די פיש, וואס די פויערים פיהרען אין שטעדטעל אריין?

צו אליה יונהס. זיין שטיבעל איז די לעצטע אין גאס און די ערשטע ביי'ן אריינפאהר אין שטעדטעל.

א קלייניגקייט אזא ברכה!

אזוי האבען געמיינט די שטעדטילשע בעלי מקנא'ס.

אין אמת'ן אבער איז אליה יונהס גליק ניט אזוי גרויס געווען.

אמת, דאס שטיבעל איז געווען א גאלדענעם, ווי זיי האבען עס גערופען, אבער הינטער אליה יונהס הייזעל איז געווען נאך א הייזעל, די זעלבע גרויס ווי זיינע, און דער שפייכלער, וואס דאס שטיבעל האט געהאט, איז געווען נאך א גרעסערעס.

דאס דאזיגע „הייזעל" האט אויך געהאנדעלט. אבער אזוי ווי דאס איז געווען ניט דאס לעצטע נאר דאס צווייטע, האט עס ניט געהאט אזא נאמען, ווי דאס גאלדענע.

עס איז אויך א ברכה. אבער ווי קומט דאס צום לעצטען הייזעל אין גאס, צו אליה יונהס'!

אין דער אמת'ן אבער האט דאס צווייטע הייזעל געמאכט בעסערע געשעפטען.

ערשטענס, איז איהר בעל הבית, וועלוויל ליימעס, געווען א פראסטער געזונטער איד און דערצו האט ער געהאט א בן'אק, יענקעלע, וועלכער האט געקענט א פוהר מיט גוואלד ברענגען צו זייער שפייכלער.

אליה יונהס איז געווען דער היפוך, א איד א חלוש, א שטי־קעל תלמיד חכם און געגומען האט ער דעם פויער מעהר מיט גמרא ווערטלעך, וואס ער פלעגט ווי עס איז מסביר זיין אויף גוי'איש, איידער מיט כח.

קיין זיהן, ווייעדער, האט ער ניט געהאט; אנשטאט זיהן האט ער פערמעגט דריי טעכטער, זיינען צוויי געווען שוין אויס־

נעגעבען אין אַנדערע שטעדטעלך און די אינגסטע טאָכטער, ביילקע, איז געווען אַ צו עדעלע מיידעל, אז זי זאָל העלפען דעם טאַטען שלעפּען די פוהרען, ווי ווערלוויל'ס בנ'אָק, יענ־קעלע...

אזוי פלעגען די בעסטע פויערן מיט זייערע תבואות און אנדערע סחורות אריינפאָלען צו ווערלוויל ליימעם. צו אליה יונהם פלעגט בלויז אָנקומען די עלטערע פויערים, וועלכע האָבען גע־האַלטען פון איהם און האָבען איהם פּשוט ניט געקאָנט אָב־זאָגען.

אָבער ווערלוויל ליימעס' אויגען זיינען צו גרויסע געווען, און אפילו די דאָזיגע פויערים ביי וועלכע אליה יונהם האָט תמי־אָבגעהאַנדעלט די סחורות, האָט ער אויך געוואָלט אוועקנעה־מען.

פּשוט מיט גוואַלד.

ער נעהמט דאָס פערד פאַר'ן צוים, דער בנ'אָק — פאַר די לייצעס און מען שלעפּט דעם וואָגען צו זיך.

אליה יונהם רופט צו הילף זיין טאָכטער:

— ביילקע, וואָס שטעהסטו ?

און ביילקע, אַן אויסגעפּוצטע, מיט צוויי שעהן פערפלאָכ־טענע צעפּ, שטעהט ווי א בת־מלכה און ווייס ניט וואָס זי זאָל אָנהויבען צו טהאָן. איהר יונג מיידעלשע האַרץ ווערט אויפגע־רעגט און זי פאַלט אָן אײדעל אויף ווערלוויל'ס בנ'אָק:

— פּע, יענקעלע ! עס איז ניט שעהן ! פון אונזער הויז נעהמסטו צו א פוהר.

ווערלוועל'ס בנ'אָק אָבער ווערט ניט נתפּעל, ער שטעלט אויף איהר אוים זיינע צוויי גרויסע גראָהע אויגען, נעהמט די הענד אין די באָקעס און רייצט זיך:

— וואָס זאָגט איהר צו דער פּריצ'טע ! — און צולאַכט זיך אויפ'ן קול.

ביילקע ווערט נאָך מעהר אויפגערעגט, אבער זידלען זיך וועט זי ניט, זי וועט פאר אזא גראָבען יונג איהר מויל ניט אומריין מאכען.

און זי קעהרט זיך אָב מיט כעס און קוקט שוין ניט מעהר אין זיין זייט.

דערפאר האָט איהר גאָט געהאָלפען און עס איז אָנגע־פאָהרען א פוהר פול מיט זעק, און צווישען די זעק ליעגט א קאלב, און פון פאָרענט און פון הינטען פון וואָגען זיינען אָנ־געשטעלט קערבליך מיט כל טוב: פיש, אייער, היהנער און טרו־קענע שוועמלאך.

די פוהר געהערט צום אלטען אנטאָש; ער וועט וועלוולען זיין סחורה ניט פערקויפען אפילו ווען ער גיעט איהם צוויי מאָל טייערער. דאָס איז א פויער מיט א כאראקטער. פריינדשאפט שטעהט ביי איהם העכער ווי געלד.

וועלוועל און זיין בנ'אָק וויסען עס, אבער דערזעהענדיג די פוהר מיט כל טוב, קען דאָך יענקעלע ניט ביישטעהען דעם נסיון און ער פרובט אָנצומאכען א בייז לעבען צווישען אנ־טאָש'ן און אליה יונהס:

— ער וועט דיך אויסנארען, דער אלטער!

אָבער דער פויער שמייכעלט גוטמוטיג און ענטפערט:

— איך וויים, אָבער איך וויל ער זאָל אָן מיר פערדיע־נען, ער איז א גוטער איד דער אליה און זיין טעכטעריל איז אן אמת'ע פאָנענקא...

ווערט נאָך יענקעלע בייזער. ער ריהמט זיין ערגסטען שונא — ביילקע'ן... ער שפייט אויס און לאָזט זיך נאָך אנ־דערע פוהרען, שרייענדיג :

—העי, לודזי, אהער, צו מיר, דער אלטער וועט אייך אויסנאַרען, זיין טעכטעריל וועט אייך בדלות שטעלען.

און שרייענדיג קוקט ער זיך אום צו ביילקען און שטעלט איהר אויס א צונג...

ביילקען קומט אריין פאר בעליידיגונג דאס בלוט אין פנים, אבער דאס מאכט נאך איהר שעהנער און בליהענדער. דער אלטער אנטאש ניעט איהר א גלעט איבער'ן קאפ און זאגט:

— הארדי חלאפעץ! שעלמא!

איינמאל איז דערזעלבער אנטאש אנגעפאהרען מיט א פול־געפאקטער פוהר. אויסער תבואות, א קאלב, היהנער און אייער און פיש, האט די פוהר פערמאגט א פולען זאק מיט וואל...

אז װעלװעל האט דערזעהן ווי דער אלטער פויער פאהרט צו צו אליה יונהס' הייזעל האט ער זיך א לאז געטהאן צום וואגען און אנטאפענדיג אין זאק די וואל איז ער פערברענט געווארען פאר קנאה. ער האט ווילד אויסגעשריען צום בנ'אק:

— יענקעל, דער ערל האט וואל...

דערהערט וואל, א סחורה וואס איז ניט אזוי בנמצא און וואס איז כלו ריווח, האט יענקעל מיט'ן פאטער בעשלאסען מיט די בליקען, אז די וואל מוזען זיי אבקויפען...

— פערקויף די וואל אונז! — האט זיך װעלװיל געבעט־טען.

— דו קריגסט פינף רובעל א פוד! — האט יענקעלע פון זיין זייט צוגערופען.

— באט ניט אן אזוי פיעל! — האט װעלװיל זיין זוהן ארייגעשושקעט...

באלד איז ארויסגעגאנגען פון שפייכלער אליה מיט בייל־קען.

— דזיען דאברי, אנטאש! — האבען זיי איהם ביידע בעגריסט, נישט קימערענדיג זיך װעגען די צוויי קאנקורענטען.

ביילקע איז צוגעגאנגען צום וואגען און גלייך אנגעטאפט די וואל.

— האסט חיינט וואל אויך געבראכט, אנטאש! — האט

זי זיך נאָך פריינדליכער געווונדט, און צוגעוואָרפען פון דער זייט א טראַציגען בליק צו יענקלען, ווי געזאָגט:

— זעהסטו, אפילו וואָל... און דו ווער צופּלאַצט.

יענקיל האָט עס דערפיהלט. זיין צאָרען, וואָס האָט גע־ברענט אינווענינ, איז ארויס אין א פלאַם:

— די וואָל וועל איך צונעהמען, אז די וועלט וועט זיך עקען...

— אדרבא, נעהם! — האָט זי ביילקע געריייצט, —קריגסט א מעדאל, אויב ער פערקויפט דיר...

איז שוין וועלוויל אויך אַן אָנגעצונדענער געוואָרען:

— וואָס מיינסטו, דו ביזט ביי אנטאַש'ן א בת יחידה, אָדער דו האָסט איהם א כישוף אָבגעטהאָן?

די לעצטע פראזע האָט ער געזאָגט אויף גוי'איש כדי אָנ־צושרעקען דעם אלטען פויער.

דער פויער האָט אָבער גוטמוטיג געשמייכעלט, האָט געריי־בען דעם שטערען, געהויבען די שווערע מיץ פון קאָפּ און קור־קענדיג דאָ אויף ביילקען, דאָ אויף יענקלען און נאָכדעם אויף אליה יונהס און וועלוועל'ן האָט ער פּלוצים אויסגעשריען בע־גייסטערט פון א גליקליכען איינפאל:

— מענשען! ברידער! וואָס מיר איז איינגעפאלען...

און ווערענדיג ווי פערחלינעט פון דעם איינפאל האָט ער קוים אויסגערעדט:

— איך שענק אייך, ביילקען און יענקלען, דעם זאק וואָל און ווערט חתן־כלה.

ביילקע האָט אראָבגעלאָזט דעם קאָפּ, יענקעל האָט זיך א ברוגז'ער אָבגעקעהרט אָן א זייט, אליה יונהס און וועלוויל האָבען זיך מאָדנע איבערגעקוקט, ווי געזאָגט: וואָס א גוי קען איינפאלען...

* * *

אויב דער שדוך איז גלייך אויפ'ן אָרט ניט געשלאָסען גע־וואָרען, האָט אָבער דער פויער אויסגעפיהרט, אז דער זאַק וואָל איז געקויפט געוואָרען בשותפות.

אויף מאָרגען איז יענקיל אריין צו אליה יונהס וועגען צוטהיילען זיך.

אליה יונהס איז אבער אין שטוב ניט געווען. ביילקע איז געזעסען ביי'ן טיש און געמהאָן עפּעס א הויזיגע ארבייט.

דערזעהענדיג יענקלען האָט זי זיך צושמייכעלט.

— איך בין געקומען זיך צוטהיילען מיט'ן וואָל! — האָט ער א ברוגז'ער אויסגעברומט.

— איז וואָס ביזטו ברוגז! — האָט ביילקע פרייער גע־שמייכעלט און איהם אריינגעקוקט גלייך אין די אויגען.

יענקיל איז פון דער פראגע געוואָרען דרייסטער, האָט אויפ־געהויבען די אויגען און דאָס ערשטע מאָל דערזעהן ביילקען ניט ווי א קאָנקורענטקע, נאָר ווי א שעהנע מיידעל.

„אך, סארא שעהנקייט זי איז!" האָט ער שיער ניט אויס־געשריען.

ער איז געוואָרען פרעהליך און דרייסט.

ער איז צו איהר צוגעגאנגען נאָהענטער און איהר א קיצעל געטהאָן אין אָפּענעם האלז, ווי ער איז געוועהנט געווען צו טהאָן עס מיט א מאנכער שיקסע...

ביילקע איז אבער קיין שיקסע ניט געווען. זי האָט איהם אָבגעשטופּט מיט א מאָדנעם חנ'דעל און בעפעהלענד אויס־גערופען:

— אָהן די הענד, יענקיל!...

יענקיל איז ביי זיך ווידער אראָבגעפאלען, געקוקט אויף ביילקע'ס חנ'עוודיגען פּנים און ניט געוואוסט וואָס צו זאָגען איהר.

— איז וואָס־זשע ווילסטו, יענקיל! — איז ביילקע צר־

ריק פריינדליך געווארען און האט איהם שוין סענטיג דעם קי־צעל אין גאנצען מוחל געווען.

— די וואל צוטיילען זיך! — האט ער גראב, ווי אין כעס, אויסגערופען.

— די וואל צוטיילען זיך! — האט ביילקע איבערגע־קרימט זיין גראבען טאן, — אט אזוי דען רעדט מען מיט א „בארישניע", הא, יענקיל!

דערווייל איז אנגעקומען אליה יונהס...

דערזעהענדיג יענקלען מיט זיין טאכטער אליין איז ער ווי מבולבל געווארען און האט גארנישט פערשטאנען, געקוקט און געוואונקען צו ביילקען, ווי ביי'ן עסען, פאר דער „המוצא"...

ביילקע האט פערשטאנען דעם וואונק און האט ערקלערט:

— ער איז געקומען צוטיילען זיך מיט דעם וואל...

און האט זיך אזוי צולאכט, אז יענקיל איז א פערשעהמטער, אהן א ווארט צו זאגען, ארויסגעלאפען פון שטוב...

אין א פאר טעג ארום איז ער אבער ווידער געקומען, און ווידער איז אליה יונהס ניט געווען אין שטוב.

— וואס וועט זיין מיט'ן וואל?

— וועלכע ציעג? — האט זיך ביילקע געוויצעלט...

— וואס מיינסטו, איך וועל דיר לאזען דעם וואל?! — האט ער זיך געבייזערט און געערדט אויף זיין גראבען קול...

— אט געה שוין געה — האט זי איהם כלומרשט געטריע־בען, אבער באלד האט זי אויף איהם אויפגעהויבען איהרע אוי־גען און זיך ליעב צושמייכעלט.

— וועסט אפשר, יענקיל, טרינקען א גלאז טהעע?...

— לאמיר זיך פריהער צוטהיילען מיט דעם וואל! — האט ער ארויסגעפראלט.

און זיך אוועקגעזעצט.

— אט אזוי, זיי א מענש! — האט ביילקע געלאכט און איז צו איהם נאהענט צוגעגאנגען.

יענקיל איז ווידער דרייסט געוואָרען. ער האָט זיך שוין מכין געווען מיט'ן מיטעלסטען פינגער צו איהר אָפענער קלאַ־ דער האַלז...

— זיי ניט קיין גראָבער יונג! — האָט זי אויף איהם אָנ־ געשריען.

ער האָט זיך פאַר איהר געשריי דערשראָקען, איז אויפ־ געשטאַנען און האָט ביין אויסגעברומט:

— לאָמיר זיך צוטיילען די וואָל!...

— ועסט צייט האָבען איבער אכטאָג...

---

דער קינפטיגער מארקס־טאָג איז אריבער בשלום. יענקיל האָט שוין מעהר קיין פוהרען פון אליה יונהם הייזעל ניט גע־ שלעפט. דער טאַטע אליין, וועלוויל, האָט אויך שטילער געררו־ פען די גויים.

נאָכ'ן מארק איז ווידער יענקיל אריין צו אליה יונהם...

דעמאָלט איז שוין אליה יונהם געווען אין שטוב.

— וואָס ווערטו זאָגען גוטעס, יענקעלע? זיץ!

— ער וויל זיך צוטיילען די וואָל! — האָט ביילקע גע־ מאָלדען פאַר יענקלען און האָט אויסגעשאָסען מיט א הילכיגען געלעכטער...

— איז וואָס פאַר א געלעכטער! — האָט אליה יונהם געשמייכעלט — אוואדע צוטיילען זיך... געהט, קינדערלעך, און צוטיילט זיך.

זיי זיינען אריין דורכ'ן הויזטיר אין שפייכלער. דער זאַק וואָל איז געלעגען אָן אבגעבונדענער.

— דא פעהלט! — האָט יענקיל אויסגעשריען.

— ביזט א נאר! — האָט ביילקע איהם גוטמוטהיג גע־ טאַדעלט — ווילסט זיך טאקע צוטהיילען.

— אוואדע — האט ער שוואך אויסגערעדט און געקוקט אויף ביילקע'ס ווייסען האלז...

— אבער דא פעהלט טאקע שוין אביסעל — האט ביילקע געשמייכעלט.

— ווי אזוי? — האט יענקיל געפארשט.

— איך האב אויסגעשפונען אביסעל...

— האסט נישט געהאט קיין פראווע... עס איז שותפות־שע...

— איך האב אויסגעשטריקט א פאר הענטשקעס, — האט זי זיך ווידער גערייצט.

— האסט ניט געהאט קיין פראווע! — האט ער זיך גע־בייזערט — עס איז שותפות'שע.

— א פאר הענטשקעס! וואלסט זעהן, מיט פינגער.

— וועלען זיין די הענטשקעס אויך אויף שותפות, — האט יענקיל פארגעשלאגען.

— ביזט א נאר! — האט ביילקע זיך גוטמוטהיג געבייזערט — עס איז פאר א זעהר גרויסער האנד.

— נו. מיין האנד איז א גרויסע! — האט יענקיל מיט שמחה אויסגעשטעלט זיין האנד..

— איז דאס טאקי פאר דיר... האט ביילקע זיך צולאכט און איז ארויסגעלאפען פון שפייכלער צוריק אין שטוב אריין. יענקיל נאך איהר.

---

אליה יונחם איז שוין ווידער ארוים. ביילקע איז גע־בליעבען מיט יענקלען אין הויז.

זי האט איהם דערלאנגט די הענטשקעס:

— מעסט אן!

ער האָט מיט אַ שטראַהלענדען געזיכט גענומען אַרויס־
ציהען אויף זיינע גרויסע הענד די פּאָר הענטשקעס...

— דו ווייסט,ביילקע, — האָט ער פּלוצים, בעגייסטערט
פון אַ אידעע, אויסגערופען...

— וואָס?

— מיר וועלען זיין איצט שותפים אויף שטענדיג...

— געוויס! — האָט ביילקע מסכים געווען.

— און אויף אונזער חתונה וועלען מיר איינלאַדען אַנ־
טאָש'ן...

— ניט אנדערש! — האָט זיך ביילקע צולאַכט — מיר
וועלען איהם זעצען אויבען אָן...

# דער קליינער מענש מיט'ן גרויסען קאפּ.

(אַ מעשה'לע)

אמאָל איז געווען — און היינט לעבט ער נאָך אויך — א מענש; איז ער געווען זעהר א קליינינקער, הענטעלעך קורציגקע, פיסעלעך דארינקע, א הערצעלע ווי אן ארבעס, ד'ערפאר אבער א קאָפּ ווי אן עמער די גרויס.

דאָס דאָזיגע מענשעלע איז געווען זעהר שטאָלץ מיט זיין גרויסען עמער־קאָפּ.

— דער עיקר, קינדער, פלעגט ער זאָגען, איז דער קאָפּ. פון קאָפּ ציהט די יניקה דער גאנצער גוף. עס געהען פון קאָפּ אזעלכע פעדימלעך ביז אונטער די פיאטעס, איהר פערשטעהט, קינדער — ביז אונטער די פּיאטעס!

און דערביי האָט דאָס קליינע מענשעלע מיט'ן גרויסען קאָפּ גענומען א זשאבע און צושניטען פאר פיעלע אין די אויגען און האָט אויפגעוויזען, אז דער מענש איז אויך אזוי.

ער האָט אפילו קיין להבדיל נישט געזאָגט.

און קיינער האָט איהם נישט געענטפערט, אז ניין.

ווייל דאָס קליינע מענשעלע מיט'ן גרויסען קאָפּ האָט געהאט אויך זעהר א גרויסע צונג און האָט געקענט א סך, א סך ריידען.

און דערצו האָט דאָס קליינע מענשעלע מיט'ן הערצעלע ווי אן ארבעס די גרויס געקענט צעהלען ביז מיליארד'ען, און האָט אלץ אויסגעצעהלט.

איינמאָל האָט ער זיך אוועקגעשטעלט אויף א הויכען

קלאַץ, כדי די מענשען, וועלכע ער האָט קינדער גערופען, זאָלען איהם זעהן, און האָט געזאָגט:

— ווייסט איהר, קינדער, וויפיעל שטערן אויפ'ן הימעל איז דאָ?

אלע האָבען געשוויגען, קיינער האָט נישט געוואוסט.

און דאָס קליינע מענשעלע האָט גלייך ארויסגענומען אַ בלוי גלעזעלע פון קעשענע, צוגעשטעלט צו די אייגעלעך די קליינינקע און גערופען:

— אַט ווארט, באלד צעהל איך איבער.

— איינס, צוויי, דריי, פיער, פינף...

נאָכדעם האָט ער עפּעס געמורמעלט אונטער דער נאָז און אין אַ ווייַלע ארום האָט ער זיך צוזונגען:

— צוויי הונדערט מיליאָן מיט זיבען און אכציג טויזענד...

די מענשען־קינדער, וואָס זענען געשטאַנען ארום, זענען נתפעל געוואָרען פון דער גרויסער ציפער און פון גרויסען קאָפּ פון דעם קליינעם מענשעלע, און זיי האָבען גענומען קריגען דרך־ארץ פאר איהם און האָבען איהם אַ נאָמען געגעבען: דער גרויסער חכם.

זיינען אַ סך מענשען געקומען צו איהם פרעגען שאלות.

איינער האָט געפרעגט:

— וואָס איז אזוינס ליעבע?

— ליעבע? — האָט דער קליינער מענש געמאַכט חוזק — ליעבע איז שמיבע... גאָרנישט מיט גאָרנישט... איך האָב קיינמאָל נישט געליעבט. מיין גרויסער קאָפּ דענקט, אז ליעבע האָבען קינדער און ווייבער אויסגעטראַכט...

דער פרעגער איז אוועק אַ פערשעמטער; ער איז גראָד געווען שטאַרק פערליעבט און האָט געוואָלט הערען אַ קלערערען ענטפער. פונדעסטוועגען האָט ער דעם גרויסען קאָפּ גע־

גלויבט, איז אוועק אהיים און האָט זיך גענומען צום לערנען און האָט אזוי ארום זיך בעפרייט פון דער ליעבע.

א צווייטער איז געקומען צום קליינעם מענש מיט׳ן גרויסען קאָפּ און געפרעגט:

— וואָס איז דאָס גלויבען?

— גלויבען איז שמויבען, — האָט דער קליינער מענש מיט׳ן גרויסען קאָפּ חוזק געמאכט — גלויבען איז גאָרנישט מיט גאָרנישט! איך האָב קיינמאָל נישט געגלויבט... איך דענק!

און דער גלויביגער איז אוועק אין א בוך־געשעפט און האָט געקויפט א צעהנדליג ביכלעך און האָט זיך געלערנט ׃וי נישט צו גלויבען...

א דריטער איז געקומען און געפרעגט:

— זאָג מיר, גרויסער קאָפּ, וואָס איז אזוינס מיטלייד..

— מיטלייד איז שמיטלייד... — האָט דער גרויסער קאָפּ חוזק געמאכט, — דער קאָפּ ווייס נישט פון מיטלייד — דער קאָפּ דענקט לאָגיש...

און דער מענש, וואָס איז געווען א ווייכהערציגער, איז אוועק און גענומען דענקען לאָגיש און האָט ארויסגעוואָרפען אין דערזעלבער נאכט זיין אלטען טאַטען אויף דער גאס...

דער קליינער מענש האָט דערזעהן, אז מענשען פאָלגען איהם, איז ער נאָך שטאָלצער געוואָרען און האָט אָנגעהויבען פריידיגען, אז מענשען זאָלען זעהן פּטור צו ווערען פון זייערע הערצער און זיך נעהמען צו ערציהען גרויסע קעפּ...

און ס׳איז אויפגעשטאַנען א דור פון לויטער קעפּ..

זיינען אין יענעם דור ארומגעגאנגען קליינע מענשעלעך אהן ליעבע, אָהן גלויבען, אָהן מיטלייד...

עס איז געווען א צער אויף זיי צו קוקען.

אָבער זיי האָבען נישט געוואוסט, וואָס צער איז אזוינס...

איז אין יענעם דור געבוירען געוואָרען ביי א קליין מענ־

שעלע א זוהן, האָט מען בעמערקט, אז דאָס קינד איז פערקריי־פעלט...

עס האָט געהאט א קליינעם קאָפּ מיט א גרויס, גרויס הארץ.

האָבען די עלטערן גערופען דעם גרויסען קאָפּ און געפרעגט אן עצה...

האָט דער גרויסער קאָפּ געענטפערט:

— אזא גרויס הארץ איז איינס פון די גרעסטע קריפּעלס: ער וועט זיין אן אומגליקליכער.

דאָס קינד האָט עס דערהערט און האָט זיך פונאנדערגע־לאכט...

— וואָס בעטייט עס, וואָס עס לאכט?

ווייל יענער דור מיט די גרויסע קעפּ האָט אויפגעהערט צו לאכען...

און פאר נייגיריגקייט האָט מען דאָס קינד ערצויגען.

דאָס קינד איז געוואקסען, און געוואקסען איז דאָס הארץ מיט איהם.

ער האָט געהאט שעהנע לאנגע פּיס, שעהנע הענד, א געקרויזטען קאָפּ און איז געווען אין זיין וואוקס העכער פאר זיין גאנצען דור...

צו פופצעהן יאָהר איז ער שוין געווען אזוי הויך, אז ווען דער גאנצער דור איז געשטאַנען אויף א בארג, און ער—אין א טאָל, איז ער אלץ העכער געווען.

און א שטימע האָט ער געהאט, איז זי געגאנגען גלייך פון זיין ברייטען, גרויסען און טיעפען הארצען און אריינגע־דרונגען אין די הערצער פון די צוהערער.

און אומגעקעהרט האָט ער זיין דור די ליעבע, און דעם גלויבען, און דאָס מיטלייד...

דער קליינער מענש מיט'ן גרויסען קאָפּ האָט דערזעהען, אז דאָס הארץ האָט אויך עפּעס צו זאָגען, איז ער געקומען צום יונג מיט'ן גרויסען הארץ און האָט געטענה'ט:

— איך לייקען נישט, אז דאָס האַרץ פֿערנעהמט אויך אַ בעדייטענדען פּלאַץ אין מענשענס גוף, אבער דער קאָפּ.. דער קאָפּ...

דער יונג מיט דעם גרויסען האַרץ האָט פֿול מיטלייד אָנ־געקוקט דעם קליינינקע מענשעלע מיט'ן גרויסען קאָפּ און זיך אָבגערופען:

— אומגליקליכער, זעה, דיין גרויסער קאָפּ איז דאָך שוין ווייס, באַלד שטאַרבסטו, און דו האָסט נישט געוואוסט פֿון ליעבע, פֿון גלויבען און פֿון מיטלייד.

דעם אַלטען מיט'ן גרויסען קאָפּ איז געוואָרען שווער... ער האָט געוואָלט וויינען, נאָר ער האָט נישט געקענט...

און ער איז אַנידערגעפאַלען צו די פֿיס פֿון ד'עם יונג מיט'ן גרויסען האַרץ...

# דאס גאלדענע טראמפייטעל.

דאס איז געווען א יונגעלע פון קנאפע דריי יאהר, מיט בלאהע אייגעלעך און גאלדענע העהרעלעך — און אלץ האט זיך איהם געטרוימט: די אייגעלעך, דאס קעפעלע און דאס הערצע־לע. ער האט אינגאנצען אויסגעזעהען ווי א טרוים, ווי א בלאנ־דער, הימעלדיגער טרוים.

ווער האט דען נישט ליעב שעהנע טרוימען — בפרט איך! און דאס גאלדענע יונגעלע, דאס דריי־יעהריגע קינד האב איך זעהר, זעהר ליעב געהאט. און אלץ האב איך איהם נאכ־געגעבען — אפילו מעשה׳לעך פאר איהם אויסגעטראכט.

און דאס קינד האט די מעשה׳לעך שטארק ליעב געהאט. נאר מעהר פון אלץ האט עס די לעצטע צייט ליעב געקריגען דאס מעשה׳לע מיט׳ן גאלדענעם טראמפייטעל.

עס איז געווען א קורץ און איינפאך מעשה׳לע, וואס איך האב ספּעציעל פאר איהם אליין פערפאסט.

א קורץ, קליין, איינפאך מעשה׳לע.

דאס מעשה׳לע מיט׳ן גאלדענעם טראמפייטעל.

אנגעהויבען האט עס זיך אזוי:

אויפ׳ן מארק איז דא א קרעמעלע, אין קרעמעלע איז דא א גאלדען טראמפייטעל. שלאף, מישינקע, שלאף, איך וועל מאר־גען מיט מישינקען אין מארק אריין געהן און דאס גאלדענע טראמפייטעלע קויפען, און מישינקע וועט אויף איהם שפּיעלען...

— א שעהנע מעשה?

ער פלעגט זיינע גרויסע בלויע אייגעלעך אויף מיר אויס־שטעלען און, שטארק בעגייסטערט פון דעם גליק, וואס איהם שטעהט פאר, פלעגט ער ענטפערן:

— א שעהנע מעשה!

— אויף מארגען פלעג איך איהם ווידער דאס מעשה׳לע מיט׳ן גאלדענעם טראמפייטעל דערצעהלען. אויף איבערמארגען ווידער.

אז עס איז פאראיבערגעגאנגען א וואך צייט, און דאס טראמפייטעל האט איך איהם אלץ נישט געקויפט, האב איך איהם אנגעהויבען אן אנדער מעשה׳לע צו דערצעהלען. צו לאנג נארען איהם האט זיך נישט געוואלט; איך האב קיין הארץ נישט געהאט אזוי לאנג א קינד צו נארען, און האב פאר איהם אויס־געטראכט א ניי מעשה׳לע, נאך מיין מיינונג, א פיעל שעהנערס. דאס קינד האט אבער געמאהנט דאס מעשה׳לע מיט׳ן גאלדענעם טראמפייטעל.

און איך האב עס איהם ווידער דערצעהלט.

און ער האט ווידער אויסגעהערט, אויסשטעלענדיג אויף מיר די בלויע אייגעלעך, און אין זיין יונגענד ריינער פאנטאזיע זיך פארגעשטעלט דאס גאלדענע טראמפייטעל, וועלכעס ער וועט זיכער בעקומען, און וועט אזוי גליקליך זיין.

און דאס מעשה׳לע האט זיך ווידערהאלט לאנג, לאנג, און דאס קינד האט עס מיט׳ן זעלבען גלויבען אויסגעהערט און קיין אנדערע מעשה׳לעך הערען נישט געוואלט.

ענדליך איז מיר נמאס געווארען דאס דאזיגע ליעבע קינד צו נארען; עס קען פערלירען דאס צוטרויען צו מיר, און דאן וועל איך נישט האבען קיין מיטעל מיט וואס צו פערשלעפערן איהם...

בין איך אויף מארגען אוועק מיט איהם אין מארק אריין,

אריין אין א געוועלב פון שפּיעלצייג און א טראָמפּייטעלע פאַר עטליכע קליינע מטבעות איהם געקויפט. דאָס טראָמפּייטעלע האָט געפינקעלט, ווי עכט גאָלד, חאָטש געוועזן איז דאָס, נאַטיר־ליך, נישט קיין גאָלדענס.

— א שעהן טרומפּייטעל, מישינקע?

— א שעהנס! — האָט ער געענטפערט, אריינגעהמענדיג דעם מונדשטיק אין זיין מיילכעלע, און אָנגעהויבען ארויס־צולאָזען אויף איהם פערשיעדענע טענער.

א פּאָר שעה האָט זיך דאָס קינד געשפּיעלט מיט'ן טראָמ־פּייטעל. אבער פאַר'ן שלאָפען געהן האָט ער עס א שמיץ גע־טהאָן און צובראָכען...

— דערצעהלען דיר, מישינקע, א מעשה'לע? — האָב איך געפרעגט, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אין זיין בעטעלע געלעגט...

— יאָ, דערצעהל! — האָט ער אויף מיר ווי מיט געבעט אויסגעשטעלט זיינע בלויע אייגעלעך און געקוקט אויף מיר ווי מיט חשד...

— דערצעהלען דיר די מעשה מיט'ן גאָלדענעם טראָמ־פּייטעל?

דאָס קינד האָט מיט קאַפּריז גענומען שאָקלען דאָס קע־פּעלע איןביידע זייטען אויף ניין.

— וויל נישט מיט'ן טראָמפּייטעל...

איך האָב אָנגעשטרענגט מיין פאַנטאַזיע און געזוכט דאָרט עפּעס א ניי מעשה'לע, דאָס ליעבע קינד צו פערשלעפערן. עס איז מיר אבער שוואך געלונגען; דאָס קינד האָט געהאַלטען אָפען די אייגעלעך און צוגעהערט זיך צו די מעשה'לעך אָהן צו־טרויען.

איך האָב א קוק געטהאָן אויף דער ערד און האָב דערזעהען דאָס טראָמפּייטעל ליגען צובראָכען און האָב אין הארצען חרטה געהאַט, וואָס איך האָב דאָס טראָמפּייטעל געקויפט.

וואָלט איך עס נישט געקויפט פאַר איהם, און ער וואָלט עס נישט געזעהען, וואָלט איך דעם קינד נאָך לאַנג, לאַנג דאָס מעשה'לע געקענט דערצעהלען, און לאַנג, לאַנג וואָלט ער גע־טרוימט פון דעם...

יעצט אָבער ליגט דאָס טראָמפּייטעל צובראָכען, און איך האָב נישט קיין אנדער מעשה'לע פאַר'ן ליעבען, שעהנעם קינד...

# דער פאלשער פערציגער.

די גבירים, וואו גליקסמאַן האָט ווינטער מיט מיה געקריי־געז א פּאַר לעקציעס און האָט געהאט דערפון זיין אויסקומעניש, זיינען זיך צופאַהרען אויף די זומערוואָהנונגען און ער איז גע־בליעבען אין דער גרויסער שטאָדט אָהן א גראָשען אין טאַש און אָהן א האָפנונג ביז קומענדיגען ווינטער צו בעקומען וואָס.

צווישען זיינע חברים האָט ער געהאָט א נאָמען פאַר אַן עהרליכען יונגען מענשען, וואָס וויל ארבייטען, גוצליך זיין דער וועלט, נאָר ער האָט ניט וואו זיינע כוחות אוועק צולעגען און ווי אָרים זיינע חברים זיינען אליין ניט געווען, האָבען זיי דאָך די ערשטע צייט איהם געשטיצט מיט זייערע עטליכע לעצטע קאָ־פּיקעס, וועלכע זיי פלעגען איהם לייהען אלס „גמילות חסד".

ער האָט זיך געפיהלט נאָך יעדער אזא „גמילות־חסד", ווי בעליידיגט און ער פלעגט אליץ חזר'ן אין געדאנק, אז ווי נאָר ער בעקומט די ערשטע לעקציע וועט ער יעדען מיט'ן גרעסטען דאַנק צוריק אומקעהרען דאָס געלד, וואָס ער נעהמט ביי זיי.

עס זיינען אבער פערגאַנגען אייניגע וואָכען, די אָרימע חברים זיינען נאָך אָרימער געוואָרען, עס זיינען צווישען זיי אויך צוגעקומען נאָך עטליכע לעהרערס אָהן „שטונדען", צו גליקס־מאַנ'ס לאַגע איז מען געוואָהנט געוואָרען און איהם האָט ער־וואַרטעט הונגער....

ער האָט דעם הונגער פאַרגעזעהן און ווי א פינסטערע גע־שטאַלט האָט ער איהם געשראָקען...

און ער האָט זיך געראַנגעלט, געזוכט אויס צו ווייכען דעם אַנקומענדיגען הונגער. דער ערשטער מיטעל איז געווען צו פער־

בויגען דעם שטאָלץ. דער מיטעל איז אפילו געווען ניט אויס־געדעכנעט, נאָר ממילא, ניט פיהלענדיג אליין די נידריגקייט און קליינקייט דערפון.

און גליקסמאַן האָט שוין אויפגעהערט צו חזר׳ן אין גע־דאנק אז ווי נאָר ער בעקומט די ערשטע געלד וועט ער יעדען זיין חוב מיט׳ן גרעסטען דאנק צוריק אומקעהרען. זיין מוח איז געווען פערנומען מיט א מעהר וויכטיגע פראגע: וואו קריגט מען לייהען עפּעס געלד אויף עסען? וועגען צוריקגעבען זאָל שוין נאָט זאָרגען...

און וואָס א טאָג, האָט ער אָנגעהויבען אלץ מעהר זיך ע־נידעריגען און בעטען מיט רחמים עטליכע קאָפּיקעס באָרגען, און כדי זיין בקשה זאָל שטארקער ווירקען, פלעגט זיך ביי איהם אָפּט מאָל ארויסרייסען פון דער צונג: „גלויבט מיר, איך האָב נאָך היינט ניט אָנגעביסען“.

נאָך דעם פלעגט ער עטליכע מאָל אויסשפּייען, ווי ער וואָלט אַן עקעלהאפטע זאַך אראָבגעשלונגען. ער האָט איינמאָל אפילו זיך אליין מיט כעס א פּאטש געגעבען און א געשריי גע־טהאָן: „דו בעטעלסט!“... בעגעגענענדיג אָבער באַלד א צווייטען פלעגט זיך ביי איהם, הונגעריגערהייט, די זעלבע פראזע נאָך שטארקער, נאָך ריהרענדער און נעבעכדיגער ארויסרייסען, די צווייטע ענטזאגונג פלעגט ער שוין רוהיגער צונעמען, קיין פּאטש זיך ניט געבען נאָר מיט רחמנות אויף זיך אליין, פלעגט ער טיעף אָבזיפצען און פלעגט אָנהייבען זוכען א דריטען, א פיערטען, א פינפטען בעקאנטען...

*

* *

12 א זייגער ביי טאָג. די גאס האָט גערוישט. גליקסמאַן איז אומגעגאנגען אין דער רוישענדער גאס און געזוכט עפּעס מיט

זיינע הונגעריגע אויגען. איהם דאכט זיך, אז די גרויסע געדיכטע מאַסע פון מענשען, וואָס בעוועגט זיך דאַ אין גאַס, אז די אַלע מענשען, די געהער און פאָהרער, זייגען שותפים, הב'ן, שמייען, לויפען און יאָגען און יעדער בעקומט דערפאַר זיין חלק פער־דיענסט און האָט וואָס צו עסען. נאָר איהם, גליקסמאַנען, האָט מען, ער ווייס אַליין ניט פאַרוואָס, אַרויסגעוואָרפען פון שותפות און מען וויל איהם קיין חלק ניט געבען און דעריבער וועט ער אויסגעהן פאַר הונגער.

ער האָט זיך געשעמט פאַר די דורכגעהענדע און פאַר זיך אַליין: אַ יונגער, געבילדעטער מענש, מיט צוויי הענד, וואָס ווילען אַר־בייטען, מיט צוויי פיס, וואָס ווילען אויך לויפען וואוהין מען דאַרף, מיט אַ קאָפּ, וואָס איז פעהיג לאָגיש צו דענקען, — אַזאַ יונגער מענש געהט אום אַ הונגעריגער, אונבעהאָלפענער, אין מיטען העלען טאָג, אין מיטען רוישענדער גאַס! ווי מיאוס! ווי מיאוס!...

וואָס מעהר ער איז געגאַנגען האָט זיך דער הונגער אַלץ מעהר געשטאַרקט און ער איז אַלץ שוואַכער געוואָרען, די קניה האָבען זיך געבויגען, פאַר די אויגען געשווינדעלט און ער האָט זיך געשראָקען, ער זאָל אַזוי געהענדיג ניט פאַלען... און ער האָט פערצווייפעלט געזוכט אַ געדאַנק אין קאָפּ, וואָס זאָל איהם טרייסטען און שטאַרקען, ער זאָל כח האָבען זיך ראַנגלען נאָך און לעבען בלייבען.

— איך בין ניט איינער! האָט ער די אַלטע טרייסט גע־פונען — דאָ זיינען פאַרהאַן אַ סך אַזעלכע, ווי איך.

ער האָט יעדען בעגעגענדען אַריינגעקוקט אין פנים, ווי ער וואָלט וועלען געפינען נאָך אַזאַ ווי ער. אַלע פנים'ער האָבען אָבער גראָד אַזוי זאַט און צופריעדען אויסגעזעהן. און ער האָט זיך נאָך מעהר פערצווייפעלט, און געגאַנגען אַלץ ווייטער און ווייטער און ווייטער, ניט וויסענדיג אַליין וואוהין און צו וואָס.

פּלוצים האָט איהם אין די אויגען א פינקעל געטהאָן א בע־
קאַנטע הוט און נאָכדעם א פּנים. ער האָט בעגעגענט א בע־
קאַנטען מיט וועלכען ער האָט אין גאַנצען צוויי מאָל אויסגע־
רעדט עטליכע קורצע פראַזען און האָט אפילו ניט גוט געדענקט
יענעמס פאַמיליע־נאָמען.

„ער וועט לייהען!" האָט איהם דורכגעשטראַהלט אין קאָפּ
און ער האָט אָבגעשטעלט דעם בעקאַנטען מיט אַנידערגעשלאָ־
גענע „גוט־מאָרגען".

דער „בעקאַנטער" האָט אויסגעשטעלט אויף גליקסמאַנען
די אויגען, ווי ער דערקענט איהם ניט.

— איהר האָט פערגעסען? — האָט גליקסמאַן מיט א
הכנעה'דיגען טאָן געפרעגט — מיר האָבען זיך בעקענט ביי
זילבערמאַנען — איהר געדנקט? גליקסמאַן!

— אהאַ! — האָט זיך דער בעקאַנטער דערמאָנט, האָט א
שמייכעל געטהאָן, און איז געבליעבען אָהן ווערטער.

„ער וועט לייהען!" האָט גליקסמאַנען וויעדער געבליצט
אין מח און האָט ארויסגעשטאַמעלט:

— איהר ווייסט, וואָס איך האָב מיך אָבגעשטעלט?... איך
וואוין ווייט פון דאַנען... איך דאַרף דאָ האָבען עטליכע קאָפּי־
קעס נויטיג און איך האָב פערגעסען דאָס בייטעלע אין דער
היים... איהר האָט אפשר ביז מאָרגען, העכסטענס ביז איבער
מאָרגען א קאָפּיקעס צוואַנציג, איהר מ ו ז ט מיר לייהען!..

דער בעקאַנטער האָט אַנשטאָט צו ענטפערען, אריינגעלעגט
די האַנד אין טאַש. גליקסמאַנען האָט דאָס האַרץ שטאַרק אָנ־
געהויבען צו קלאַפּען.

— איהר זעהט? — האָט דער בעקאַנטער געזאָגט אויס־
טרייסלענדיג דאָס בייטעלע.

גליקסמאַנען איז פינסטער געוואָרען אין די אויגען: דאָס
בייטעלע איז לעדיג געוועזן.

— „אוי“! האָט זיך ביי איהם ניט ווילענדיג ארויסגע־ריסען פון הארצען א פערצווייפעלטער זיפץ, ער האָט זיך פערשעמט פון אזאַ זיפץ און האָט קוים ארויסגערעדט:

— וואָס דארפט איהר מיר ווייזען — איך גלויב אייך!

— איך האָב אפילו יאָ אין טאַש ערגיץ א פערציגער, איז ער אבער א פאלשער, — האָט דער בעקאנטער צוגעלעגט, ווי ער וואָלט וועלען ארויסנעהמען גליקסמאנען פון זיין פערלע־גענהייט.

— ווייזט נאָר א קוק טהאָן! — האָט זיך גליקסמאן אָנ־געחאפּט. דער בעקאנטער האָט אָנגעהויבען ארומצוזוכען אין די טאַשען און זוכענדיג, האָט ער אלץ געסטראשעט גליקסמאנען, אז ער האָט איהם שוין, דאכט זיך, ארויסגעוואָרפען און גליקס־מאן האָט מיט שרעק אין די אויגען געווארט.

— שאַ, ער איז דאָ! — האָט דער בעקאנטער אָנגעזאָגט.

— ווייזט, ווייזט א קוק טהאָן, האָט גליקסמאן, ווי ארויס געריסען דעם פערציגער פון דעם בעקאנטענס הענד.

ער האָט דעם פערציגער אויפמערקזאם בעטראכט און האָט זיך קרענקליך פערקרימט: די מטבעה איז געווען געל ווי מעש און זעהר לייכט אין האנד. דאָך אוועק געבען צוריק האָט גליקסמאן עפּעס ניט געקענט און ער האָט איהם געבעטען:

— גיט מיר איהם, אפשר וועל איך...

— אָח, נעמט איהם! — האָט זיך דער בעקאנטער אָנגע־כאפּט, ווי ער וואָלט צופריעדען געווען, וואָס ער ווערט פון דער געלער מטבע פּטור...

— אדיע! האָט גליקסמאן זיך געזעגענט, נישט קוקענדיג דעם בעקאנטען אין פּנים אריין און פיהלענדיג, ווי זיין פּנים ברענט פאר חרפּה, ווי מען וואָלט דערויף נאפּט ארויפגעגאָסען און אָנגעצונדען מיט א שוועבעלע.

ער איז געווען אין כעס אויף זיך אליין, וואָס ער האָט עס

געטהאן און פאר כעס האט ער בעשלאסען אויסצוגעבען דעם פערציגער.

— איך מוז איהם אויסגעבען! — האט ער א געשריי געטהאן, אזש א פאר פערבייגעהענדיגע האבען זיך אומגעקוקט.

ער איז אריין מיט א קלאפענדען הארצען אין דער ערשטער געוועלב פון עסען־ווארג.

גליקסמאן, אלס לעהרער, איז געגאנגען אנגעטהאן ארטיג און מיט זיין עדעלען בלאסען געזיכט און דינע געזיכטסציגע האט ער געהאט איין אויסזעהן פון א רייכען יונגען מענשען. דער קרעמער, דערזעהענדיג איהם אריין געהן, האט זיך אוועקגעשטעלט און האט מיט א דרך־ארץ'דיגען טאן געפרעגט:

— וואס ווינשען זי?

גליקסמאן האט געווארפען נערוועזע בליקען אויף די עטליכע לעבלעך וויים־ברויט און אויפ'ן גרויסען קעז, וואס איז געלעגען אויפ'ן ווארסטאט און האט קוים געענטפערט:

— צוויי פונט ברויט מיט א פיערטעל קעז — עפעס גוטער קעז? — האט ער ווי צוטומעלטערהייט צוגעגעבען.

— דער קעז איז בחיר! אויסגעצייכענטער קעז, ריינער שמאנט — האט זיך דער קרעמער צעלאזט לויבען מיט התפעלות זיין סחורה — איהר קענט פארזוכען א שטיקעל, עס שאדט נישט.

און רעדענדיג האט איהם דער קרעמער אויפ'ן שפיץ מעסער דערלאנגט א שטיקעל קעז.

גליקסמאן האט געשווינד אראבגעכאפט דאס שטיקעל קעז פון מעסער און אריינגעלעגט אין מויל, נאר דערמאנענדיג זיך אז דעם געלען פערציגער האבען איהם הענט און פיס אנגעהויבען ציטערן און ער האט עס קוים אראבגעשלונגען, נית שפירענדיג קיין שום טעם אין איהם.

— זעלטענער קעז... האט גליקסמאן קוים אויסגערעדט און

האָט זיך אומגעקוקט צום טהיר, ווי ער וואָלט וועלען ענטלויפען.

— א פערטעל קעז און צוויי פונט ברויט? האָט דער קרעמער איבערגעפרעגט.

— א פערטעל קעז און צוויי פונט ברויט! — האָט גליקסמאן, ווי צומומעלטערהייט נאָכגעזאָגט, קלערענדיג אן עצה, ווי אזוי אריין רוקען איהם דעם געלען פערציגער, אז ער זאָל ניט בעמערקען.

דער קרעמער האָט אבגעוואויגען, איינגעוויקעלט אלץ אין א פאַפּיער און האָט עס העפליך אָבגעגעבען גליקסמאנען.

גליקסמאן האָט מיט ציטערדיגע הענד א וואָרף געטהאָן די מטבעה.

— גיט א רעשט! — האָט ער קוים אויסגערעדט און מיט שרעק געקוקט, ווי דער קרעמער קרימט זיך בעטראַכטענדיג די מטבע.

— זייט מוחל! — האָט דער קרעמער זיך געוואונדערט צו גליקסמאנען, נאָכדעם ווי ער האָט די מטבע דריי מאָל א וואָרף געטהאָן און זיך צוגעהערט צו איהר טויבען קלאַנג, ווי א גרויסער קאָמפּאָזיטאָר —— זייט מוחל, אפשר האָט איהר אן אנדערען פערציגער, דער איז א פאַלשער.

— א פאַלשער? — האָט גליקסמאן זיך תמ׳וואַטע פערוואונדערט.

— א פאַלשער! — האָט דער קרעמער קאַלט געענטפערט. גליקסמאן האָט אוועקגעלעגט צוריק דאָס איינגעוויקעלטע ברויט און קעז, גענומען דעם פערציגער אין האנד, בעטראַכט איהם פון אלע זייטען און האָט שטיל, ווי ברוגז ארויסגערעדט:

— א גוטער פערציגער, קיין אנדערען האָב איך ניט, און האָט זיך פון קראָם, ווי א שאָטען ארויסגערוקט.

— געשעפטען! — האָט ער דערהערט הינטער זיך דעם קרעמערס ברוגז׳דיג קול און ער האָט דערפיהלט אין מויל די

ברעקלעך פון שטיקעל קעז, וואָס ער האָט פערזוכט און האָט אויסגעשפיגען, פערברעכענדיג מיט די הענד.

— וואָס טהוט מען? וואָס טהוט מען? — האָט ער ביטער געקרעכצט, ניט ווימענדיג וואוהין ווייטער צו געהן.

ער האָט גענומען דעם פערציגער אין האנד און געקוקט אויף איהם.

— א גוטער פערציגער? — האָט ער פאר זיך גערעדט, ווי ער וואָלט זיך אליין געוואָלט אבנארען, ער זאָל האָבען מוטה אריין צו געהן נאָך אין א געוועלב.

נאָר אין דער צווייטער געוועלב איז דאָס זעלבע געווען.

ער איז ארויסגעגאנגען צורייצט און פערביטערט; זיינע אויגען זיינען געווען מיט בלוט פערלאָפען. „היות רעות!“— האָט ער אין געדאנק גערופען — פערשאָלטען זאָלט איהר זיין.

די ערנידערונגען האָבען איהם בייז געמאכט.

ער האָט מיט האס אנגעקוקט אלע פערבייגעהענדיגע זאטע פנים'ער.

— דעם פערציגער מוז איך אויסגעבען! האָט ער פעסט בעשלאָסען — איך מוז! איך מוז! — און ער האָט זיך גע־לאָזט געהן.

און אין יעדער געוועלב האָט ער אריינגעקוקט, זעהן וואָס פאר א נפש דאָרט זיצט ביי דער סטויקע. נאָר יעדעס פנים פון די קרעמער האָט אזוי שלעכט, גראָב ארויסגעקוקט, אז גליקס־מאנען האָבען די פיס ניט געדיענט אריין צו געהן.

ער האָט געזוכט א נארישען פנים, צו אזוי א יונג־קינד, וואָס זאָל זיך לאָזען נארען...

ער האָט זיך געלאָזען אין א זייטיג געסיל און האָט אריינ־געקוקט אין א קליין־געוועלביל, ביי'ן סטויקע איז געזעסען א קליין־דאר־מיידעלע מיט א פערשלאָפען פנים, מיט צעשויבער־טע האָר און האָט טרויעריג געקוקט אין גאס אריין.

— „דאָ איז דאָס!“ איז גליקסמאַנען דורכגעפלויגען אין קאָפּ און ער איז מיט זיבערע טריט אריין אין געוועלב.

— וואָס דארפט איהר? — האָט איהם דאָס מיידעלע אי־בערגעפרעגט. זעהענדיג ווי ווילד ער ווארפט זיינע בליקען אי־בער'ן געוועלב.

גליקסמאַן האָט זיך איינגעקוקט אין דעם מיידעלעס פּנים. איהם האָט זיך געדאכט אז איהרע אייגעלעך זיינען פערוויינט.

— מען דארף זיין א גזלן אָבצונארען זי! — האָט אין איהם דאָס הארץ גערעדט, נאָר דער הונגער האָט אזוי וועהטאָג־דיג גענאָגט, און ער האָט געפרעגט.

— ברויט איז פארהאן?

— יאָ! — האָט דאָס מיידעלע געענטפערט, קוקענדיג אויף איהם אַלץ דערשראָקען.

דאָס מיידעלע האָט איהם אָבגעשניטען צוויי פונט ברויט און ווען זי האָט געשניטען האָט גליקסמאַן געזעהן, ווי איהרע דארע הענדטלעך ציטערן און דאָס הארץ האָט איהם שווער געדריקט, קוקענדיג אויף דאָס אָרעמע מיידעלע.

— „מען דארף זיין א גזלן אָבצונארען זי!“ — האָט איהם ווידער דאָס הארץ אָנגעהויבען צו רעדען שטארקער ווי פריהער און שטארקער פאר זיין הונגער, ער האָט געוואָלט ארויס געהן אזוי פון קראָם, נאָר דאָס אָבגעשניטענע ברויט האָט איהם ווי מיט צוואנגען געצויגען און ער איז געבליבען.

— גיעב מיר מיידעלע, א פערטעל קעז אויך, האָט ער שוואך ארויסגערעדט.

דאָס מיידעלע האָט איהם אָבגעוואויגען און דערלאנגט.

— גיעב מיר א רעשט פון א פערציגער — האָט ער איהר געזאָגט, דערלאנגענדיג די מטבעה און האָט אין הארצען געוואונשען, אז דאָס אָרעמע מיידעל זאָל שכל האָבען און ניט נעמען דעם פאלשען פערציגער...

נאָר דאָס מיידעלע האָט צוגענומען דעם פּערציגער און קוים בעטראַכטענדיג אִ י ה ם, האָט זי איהם אריינגעוואָרפען אין קעסטעלע און האָט ארויסגעגעבען גליקסמאַן'ען צעהן קאָ־פּיקעס רעשט.

גליקסמאַנען האָט בעגאָסען אַ קאַלטער שוויים און ער האָט ניט געקענט ארויסגעהן פון געוועלב.

— מיידעלע, אַ מאַמע האָסטו? — האָט ער זי פלוצים געפרעגט.

— ניין, געשטאָרבען! — האָט דאָס מיידעלע טרויעריג געענטפערט.

גליקסמאַן איז שיער ניט אומגעפאַלען.

— האָסטו אַ שטיפמאַמען? — האָט גליקסמאַן ווידער געפרעגט.

— יאָ! — האָט דאָס מיידעלע נאָך טרויעריגער געענט־פערט.

— זי שלאָגט דיך עפּעס?

דאָס מיידעלע האָט געשוויגען און גליקסמאַן איז זיכער געווען, אז דאָס אָרימע מיידעלע ווערט געפּייניגט אַלע טאָג און איהם האָט זיך געדאַכט, אז די שטיפמאַמע וועט איהר פאַר דעם פאַלשען פּערציגער אוועק'הרג'נען.

ער האָט נערוועז געטאַפּט דאָס ברויט אין האַנד, גע־קוקט אויף די ווענד פון דעם אָרימען געוועלב, אויף דאָס מיי־דעלע און אין קאָפּ האָבען איהם אַלץ געשלאָגען די ווערטער: „אַ גזלן דאַרף מען זיין אָבצונאַרען זי!“

— מיידעלע! — האָט ער פלוצים, ווי מיט אַ געבעט אויסגעשריען — נאַ דיר צוריק דעם ברויט מיט די קעז און גיעב מיר אוועק דעם פערציגער.

— פאר וואס? שלעכטע ברויט? — האט דאס מיידעלע, ווי פערשולדיגט געפרעגט.

— ניין! גוט — ברויט! טהייער — ברויט... נאר... פאלג מיר מיידעלע, גיעב אוועק דעם פערציגער, גיעב מיידעלע!

דאס מיידעלע האט מיט פערוואונדערטע, דערשראקענע אויגליך איהם אנגעקוקט און האט איהם דערלאנגט צוריק דעם פערציגער.

—א שעהן מיידעלע! האט ער מיט דאנקבארקייט ארויס־געשעדט, — ווייטער, מיידעלע, זאלסט דו גוט — גוט קוקען אויף געלד, מען זאל דיך ניט אבנארען...

און ניט ערווארטענדיג קיין ענטפער איז ער ארויסגעלאפען פון געוועלב.

— איך קען ניט, איך קען ניט! — האט ער ווי פאר זיך אליין פערענטפערט זיך פאר זיין שוואכקייט — איך קען ניט!...

און מיט האסט האט ער א ווארף געטהאן דעם פערציגער אויפ'ן ברוק און דער טויבער קלאנג פון דער מטבעה האט זיך צומישט מיט זיין זיפץ...

און א הונגעריגער האט ער זיך געלאזט געהן ווייטער זו־כען ביי א בעקאנטען עטליכע קאפיקעס צו בארגען...

# ביי'ן פרעמדען פייער.

בלאך און שאר, צוויי בחורים אין איין און דעם זעלבען על־טער — אומגעפעהר פון פינף און צוואנציג ביז אכט און צוואנ־ציג יאהר אלט, זיינען געזעסען ביי א טישעל אין קליינעם קא־פּען הויז און האבען איינע די אנדערע שטום זיך אנגעקוקט. ענדליך האט בלאך זיך אבגערופען:

— א גרויסע שטאדט דאכט זיך, און דאך איז ניטא אמאל אין אבענד וואוהין אריין צו געהן...

— יא. — האט שאר בעשטעטיגט. „די וועלט איז גרויס, און עס איז זיך ניטא וואו אהין צו טהאן...

און נאך דעם קורצען דיאלאג, זיינען זיי ווידער שטום געווארען. שאר'ען איז אבער ענדליך נמאס געווארען דאס שוויי־גען און לעדיג זיצען, און ער האט זיך געווענדעט צו דער קעל־נערין, וועלכע איז פערבייגעגאנגען:

— א גלאז טהע...

— ווידער טהע, — האט בלאך געשמייכעלט — דו האסט דאך שוין אזוי פיעל געטרונקען.

— וועל איך נאך טרינקען — וואס מאכט עס אוים — האט שאר געמורמעלט — לייט טרינקען בראנפען פון אומעט. מיר טרינקען טהעע...

— און איך וועל נעהמען א גלאז קאווע, — האט בלאך געזאגט — און צוגערופען דער קעלנערין...

די קעלנערין האט געבראכט צוויי קאוועס.

— איך האב דאך טהעע בעשטעלט, — האט שאר גע־שמייכעלט צו דער קעלנערין.

— איך האָב פערהערט — האָט די קעלנערין צוריק גע־שמייכעלט, און געוואָלט נעהמען צוריק די קאווע...

— זאָל זיין, עס מאכט ניט — עס איז רעכט קאווע אויך... — האָט שאָר מסכים געווען...

די קעלנערין איז א צופריעדענע אוועק...

בלאָך און שאָר האָבען לאנגזאם געטרונקען די קאווע און געשוויגען.

— עפּעס זעהט מען ניט שפּירא׳ן! — האָט שאָר ענדליך ארויסגעמורמעלט.

— שפּירא איז א גליקליכער מענש! — האָט בלאָך זיך אָנגעכאפּט — ער האָט עפּעס אויסגעפונען א בעל־הבית׳ישע מיידעל און זיצט דאָרט גאנצע טעג און גאנצע נעכט...

שאָר האָט אָבגעזיפצט:

— עפּעס א שעהן מיידעל?...

— ניש קשה, האָט בלאָך געענטפערט — ער האָט זי מיר די טעג אויפ׳ן גאס פאָרגעשטעלט...

— א הויכע? — האָט שאָר ווידער געפאָרשט...

— א מיטעלמעסיגע.

— — נו, אויגען... — האָט שאָר ווייטער געפרעגט — שווארצע?

— ניין, דוקא בלאָהע אויגען... גרויסע בלויע אויגען... שעה־נע אויגען — האָט בלאָך ענדליך זיך שוין בעגייסטערט...

— איז דאָך גוט!... — האָט שאָר גערעדט ווי פאר זיך, און שווייגענדיג א ווילע, האָט ער ווידער געפרעגט:

— איז זי אינטעליגענט?

— ווייזט אויס, אז יא. זי האָט געטראָגען א בוך אונטער׳ן אָרים.

— איז דאָך טאקע גאָר גוט... — האָט שאָר ווי מיט קנאה געמורמעלט.

און נאָך א קליינע פויזע, האָט ער ברוגז'עריהייד צוגעגע־
בען:

— פאר וואָס־זשע לאַדעט ער אונז אמאָל ניט איין?

— ווייס איך? — האָט בלאָך געדריקט מיט די פּלייצעס...
אפשר האָט ער ניט קיין רעכט אונז צו איהר איינלאַדען?...

— מיר וואָלטען דאָך זי ביי איהם ניט אָבגענומען! —
איז שוין שאָר אויפגערעגט געוואָרען — די דאָזיגע חברה, אזוי
זיינען זיי דאכט זיך גוטע ברידער, און ווי נאָר זיי דערטאפּען א
פעט ביינדעל, פערקלייבען זיי זיך אין א ווינקעל און האלטען
עס פעסט אין די צייהן...

— נו, נו גענוג! — האָט בלאָך גע'מוסר'ט — שפּירא איז
ניט פון די. און איבריגענס, וואָס האָסטו געוואָלט — ער זאָל
דיר א חלק געבען... נארישער יונג דו איינער... א מיידעל איז
דאָך ניט קיין מיטאג, טהיילען זיך קען מען דאָך ניט...

— יא, איך פערשטעה — האָט שאָר זיך געקרימט. איך וויל
זיך ניט טהיילען... אבער מען קען דאָך ניט טהיילענדיג זיך,
זיין צוזאמען... לאָ די וואָס ער האָט געקראָגען א מיידעל, האָ־
בען... —

נאָר איידער שאָר האָט געענדיגט זיין פראזע, האָט זיך די
טהיר פון דער קליינער קאפע געעפענט און שפּירא, א הויכער,
שטארק געבויטער יונג פון א יאָהר צוויי דריי און צוואנציג איז
אריין, איז צוגעגאנגען צום טישעל וואו בלאָך און שאָר זיינען גע־
זעסען, און געבענדיג איינעם נאָך דעם אנדערען די האנד, האָט
ער מיט א פריינדליכען שמייכעל געזאָגט:

— איך האָב פערשטאַנען אז איהר זייט דאָ. איך בין אריין
בלויז אויף א ווייל'ע. נו, וואָס מאכט איהר, ברידער...?

— אָט, ניש קשה... — האָט בלאָך געענטפערט...

— מען זופט קאווע... — האָט שאָר געמורמעלט...

— איך וואָלט אויך עפּעס געטרונקען מיט אייך, האָט
שפּירא, אלץ שמייכלענדיג גערעדט, אבער איך אייל זיך...

— צו דער כלה... — האט שאר קריטיקירט...

— יא, — האט שפירא געשמייכעלט. — איך קום אלע אבענד צו איהר...

— זי וואהנט מיט די עלטערען צוזאמען? — האט בלאך נעפרעגט.

— יא, מיט די עלטערען.

—א בעל הבית'ישע מיידעל, הייסט עס — האט ער גע'חווק'ט פערשטעלט.

— יא, האלב בעל הבית'יש... זיי זיינען אבער גוטע מענ־שען... ווייסט איהר וואס, ברידער, קומט אויך מיט, מיט מיר!— האט זיך שפירא אנגעכאפט. קומט, קומט! זי וויל אייך טאקע קענען... איך האב וועגען אייך מיט איהר פיעל גערעדט.

שאר מיט בלאך'ן האבען זיך איבערגעקוקט, און איידער זיי האבען וואס געוואלט זאגען, האט שפירא א לוסטיגער און א פריינדליכער ווידער געזאגט:

— קומט, ברידער, קומט... מיר וועלען אביסעל פערברענ־גען צוזאמען...

— קום, שאר, — האט בלאך גערופען.

— איך קען געהן... — האט שאר מיט אינערליכער צו־פריעדענהייט מסכים געווען, און זיך אויפגעהויבען פון ארט.

די צוויי פריינד האבען אין דער גיך בעצאהלט, און שאר אן אויפגעלעבטער, אן אבגעפרישטער, האט אריינגעמורמעלט בלאכ'ן:

— לאז דער קעלנערין א גוטען טרינק־געלד...

און די חברים זיינען ארויס אויפ'ן גאס.

עס איז געווען אזייגער ניין אין אבענד. עס איז געפאלען א לייכטער פוכיגער שנעע, און האט צארט און מילד בעדעקט די רוישענדע גאס. די שנעעלאך האבען געפינקעלט ווי בריל־ליאנטען אנטקעגען דער ליכט, וואס האט געשלאגען פון די הייזער און פון די גרויסע געשעפטען.

שאָר האָט זיך דערפיהלט ווי נייגעבוירען. ער איז געגאַנ־גען מיט פעסטע און זיכערע טריט און צוגעזונגען א נגון'דעל.

ענדליך זיינען זיי אָנגעקומען צו דעם הויז, וואו שפּירא האָט זיי איינגעלאדען.

אריינגעהענדיג אין קאָרידאָר, האָט שאָר אָבגעקלאפּט דעם שנעע פון די שיך און מיט א קלאפּענדען הארצען ערווארטעט, אז שפּירא זאָל עפענען די טהיר...

ענדליך האָט זיך די טהיר געעפענט, און די דריי חברים זיינען אריין אין הויז. עס איז זיי נעקומען אנטקעגען א יונגע בלאָנדע מיידעל.

— איך האָב געבראכט מיינע פריינד! — האָט שפּירא מיט א שטראהלענדען געזיכט אויסגערופען...

— אָ, זעהר אנגענעהם, — האָט דאָס מיידעל אויסגע־צויגען די האנד שאָר'ן.

פון דער מיידעל'ס פריינדליכקייט האָט שאָר זיך דער־פיהלט ווי ערמוטהיגט. ער האָט איהר אויסגעצויגען זיין האנד, און שטארק דריקענדיג, געזאָגט:

— עס פרעהט מיך זעהר צו קענען מיין פריינד'ס כלה...

— כלה!... — האָט זי זיך צולאכט... נישט קיין כלה... גאָר עס מאכט נישט.

און ווענדענדיג זיך צו בלאָך'ן, האָט זי שמייכלענדיג גע־זאָגט:

— אייך האָב איך דאָך שוין געזעהען... און האָט איהם דערלאנגט די האנד.

באלד איז אָנגעקומען פון א צווייטען חדר דער פאָטער, א בנעימות'דיגער איד מיט א שעהן ארומגעשוירען שווארץ בער־דיל, וואָס האָט זיך דורכגעפלאָכטען ערטערווייז מיט גראָהע פאסען...

שפּירא האָט זיינע חברים פארגעשטעלט פאר'ן פאָטער.

שפּעטער א ווײַלע איז אַרײַן פון קיך די מוטער, א גוט־מוטהיגע אידישע פרוי.

מען האָט זיך געזעצט בײַ׳ם טיש, און די מײדעל האָט דערלאַנגט טהעע...

שאַר׳ן איז אויסגעקומען צו זיצען נעבען דער כלה... שפּי־ראַ איז געזעסען נעבען פאָטער און בלאַך׳ן ווידער איז אויס־געקומען צו זיצען נעבען א קלײן אינגעלע, די כלה׳ס ברודער׳ל...

שאַר איז מיט זײַן פּלאַץ געװען זעהר צופריעדען. ער האָט אַלע ווײַלע געהויבען די אויגען צו דער כלה־מײדעל.

זי איז געװען צו איהם זעהר פרײַנדליך, און עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז ער קען זי שוין אַזוי לאַנג, אַזוי לאַנג...

דער געשפּרעך איז געװען א לײַכטער, אָן אָבגעריסענער, אָבער אַלע האָבען זיך געפיהלט הײמיש און גוט...

בעסער אָבער פאַר אַלעמען האָט זיך געפיהלט שאַר.

עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז שפּיראַ׳ס מײדעל איז צו איהם זעהר נאָהענט...

ער האָט געפרופט אָננעהמען איהר האַנד.

שפּיראַ האָט עס בעמערקט, און פרײַנדליך געשמײכעלט.

ענדליך האָט בלאַך בעמערקט:

— שוין אַזײגער צװעלף, מען דאַרף געהן..

קײנער פון די דערבײַ־זיצענדע האָט קײן נעגען־בעמערקונג ניט געמאַכט...

הײסט עס, אַז מען דאַרף שוין געהן! — האָט שאַר זיך אויפגעכאַפּט, ווי פון א זיסען חלום. ער האָט ווי מיט בעטענדע בליקען אָנגעקוקט דער מײדעל, נאָכדעם שפּיראַ׳ן, און זיך אויפ־געשטעלט.

— אַלזאָ, ברודער, איז צו איהם שפּיראַ צוגעגאַנגען, געהט איהר שוין...

— יאָ, — מיר געהען! — האָט שאַר ווי צוטומעלט גע־ענטפערט — שוין שפּעטליך, מיר געהען...

ער האָט פריהער געגעבען די האנד דעם פאָטער, נאָכדעם דער מוטער, געקוקט זיי אין די אויגען אריין, און ווי עפּעס ערוואַרטעט.

ענדליך איז ער צוגעגאנגען צו דער מיידעל.

— נו, האָט ער געשטאַמעלט... א גוטע נאכט — און האָט איהר דערלאנגט די האנד.

זי האָט איהם א שמייכלענדע און א פריינדליכע די האנד צוריק דערלאנגט און געענטפערט:

— א גוטע נאכט... קומט אמאָל ארויף...

— זיכער, זיכער! — האָט ער פערשפּראָכען... איך האָב מיך דאָ זעהר גוט געפיהלט.. .און זאָגענדיג אן אלגעמיינע „גוטע נאכט“, איז ער ארויס מיט בלאָך'ן פון הויז...

---

געהענדיג צוריק, האָבען זיי א לאנגע צייט געשוויעגען. ענדליך האָט זיך שאַר אָבגערופען:

— איך האָב מיר דאָרט אביסעל אָנגעוואַרימט...

בלאָך האָט גאָרנישט געענטפערט, אין א ווײַלע ארום, האָט ער געמורמעלט ווי פאַר זיך אליין:

— ביי א פרעמדען פייער...

זיי זיינען ווידער אנשוויגען געוואָרען און געגאנגען יע־דער צו זיין איינזאמען פייעריל.

# דער פּראָטעסט.

באשע־ביילע די נייטאָרין פלעגט שטענדיג הערען ווענען זיך, אַז זי איז א וואויל־מיידעל. דאָס פלעגט מען ווענען איהר זאָגען סיי אין די אויגען און סיי אונטער די אויגען. אבער קיין נחת האָט זי דערפון ניט געהאט, געפרעהט האָט עס איהר ניט. אדרבא, פיעל מאָל האָט עס איהר פערשאפט פערדרוס און הארצ־וועהטאָג, און אפטמאָל פלעגט זי אפילו אויף דעם דאָזיגען קאָמפּלימענט נערוועז אָבענטפערען:

— א וואוילע, א וואוילע... בין איך גליקליך!...

און זי איז געווען גערעכט! — גליקליך איז זי מיט איהר וואוילקייט ניט געווען. זי האָט דוקא געוואָלט זיין ניט קיין וואוילע. — הלואי וואָלט זי בעסער געווען ניט קיין וואוילע, אָבער א שעהן מיידעל — וואָלט זי א סך צופרידענער און גליק־ליכער געווען. נאָר א שעהן מיידעל איז זי קיינמאָל ניט געווען, ווענינגסטענס האָט זי ווענען זיך אזא מיינונג קיינמאָל ניט גע־הערט, אפילו דאַן, ווען זי איז געווען יונג, בפרט יעצט, ווען באשע־ביילע, נישט קוקענדיג, וואָס זי זאָגט קיינמאָל קיין ליגען ניט, מוז די לעצטע צייט אראָב נעהמען א פּאָר יאָהר פון איהר עלטער, וואָס דאָס קומט איהר אָן ניט גרינג. איהרע בלאסע באַ־קען ווערען דאמאָלסט רויט, און איהר דאכט זיך, אז זי האָט אבגעטהאָן דאָס גרעסטע פערברעכען...

יא, באשע־ביילע איז ניט צופריעדען מיט איהר וואויל־קייט. איבערהויפּט איז זי ניט צופריעדען מיט איהר שטיל־קייט, וואָס פיעלע פון די שכנות שעצען זעהר שטאַרק...

באשע־ביילע ווייס, אז שטילקייט איז פאר א מיידעל דער גרעסטער חסרון. הלואי וואָלט זי געקענט אזוי הויך לאכען, ווי איהרע חבר'טעס... הלואי וואָלט זי געקענט אזוי הויך זינגען ווי זיי, וואָלט זי אויך געוואוסט פון גליק און פון ליעבע... און וואָלט ניט געדאַרפט די גאַנצע יונגע יאָהרען פערברייגגען בלויז מיט דער אַלטער מוטער איהרער, מיט דער אלמנה...

באשע־ביילע איז געווען טאקע וואויל און שטיל, אבער ווען מען וואָלט געוואוסט איהרע געדאנקען—דאכט זיך איהר—וואָלט מען זי געהאַלטען פאר דער זינדיגסטער אין דער וועלט. און ווען מען וואָלט געקענט זיך צוהערען, וואָס עס קומט פאָר ביי איהר אין הארץ, ווי עס שרייט און ליארעמט, וואָלט מען זי, ווער ווייס, מיט וואָס פאר א נאָמען אַנגערופען.

נאָר דאָס, וואָס עס טהוט זיך ביי איהר אין קאָפּ און הארץ, ווייס קיינער ניט, אפילו איהר מאמע ניט, און באשע־ביילע וואָלט אמאָל וועלען אויסשרייען:

— איך בין ניט וואויל, איך בין ניט שטיל! און זאָל מען איהר בעסער מוסר זאָגען איידער ריהמען. וואָס האָט זי פון איהר גוטען נאָמען? ער האָט איהר נאָר פערשטערט דאָס לע־בען און געריבט פון איהר אלע פערגעניגען...

און אויסצודריקען איהר פּראָטעסט בלייבט איהר נאָר איהר איינציג ליעד, וואָס זי זינגט:

דרויסען איז א טריעבער טאָג,
אין שטיבעלע אין א פּאַרע..
איך האָב אַבגעלעבט מיינע יונגע יאָהרען
אזוי ווי אין א כמארע...

דאָס דאָזיגע ליעדעל זינגט זי אבער אזוי שטיל, אז זי אליין הערט קוים די ווערטער... צו נאָהענט איז איהר דאָס ליעד צום הארצען, אז זי זאָל האָבען די דרייסטקייט עס הויך צו זינ־גען!

באשע־לאה וויים, אז עס זיינען דאָ א סך פרעהליכע פערשייטע ליעדער, און דוקא יענע ווערען געזונגען הויך אין אפען... אבער יענע ליעדער זיינען ניט פאר איהר — יענע ליע־דער זיינען פאר די, וואָס האָבען ניט אזא גוטען נאָמען, ווי זי... זי איז א וואוילע און א שטילע — און ניט אלע ליעדער קען זי זיך ערלויבען צו זינגען!

יאָ, זי טאָר זיך גאָר נישט ערלויבען — אזוי איז שוין איהר בעשערט. שטיל, עהרליך און אליין.

אָפט אָבער ווערט באשע־ביילע'ן אונערטרעגליך איהר שטילקייט און עהרליכקייט, און זיצענדיג אין קליינעם שטיבע־לע ביי איהר ארבייט וואָלט זיך איהר וועלען אוועקוואַרפען אלץ, ארויסלויפען אויפ'ן גאס און ווענדען זיך צום ערשטען בעסטען יונגען־מאן:

— איך בין נישט וואויל און נישט שטיל! קום מיט מיר! קום! וואָרום איך בין די זינדיגסטע אין דער וועלט!...

---

קענגען איבער איהר צימער וואוינט שוין זייט צוויי יאָהר חייקעל דער שניידער מיט זיינע בנים, וואָס האָבען א שם אין דער גאנצער גאס פאר פערשייטע און צולאָזענע, איבערהויפט דער עלטערער, יאָסעל דער רויטער. יאָסעל דער רויטער איז א בחור פון א יאָהר אכט־און־צוואנציג, א הויכער, א געזונדטער, מיט גראָהע, שפּיציגע אויגען און רויטע שפּיציגע וואָנסען...

די גאס דערצעהלט פון איהם שרעקליכע מעשיות. האשע ביילע זעהט איהם אָפט שטעהן ביים טויער פון הויז מיט מייד־לעך, וועלכע ער דערצעהלט עפּעס, און זיי לאַכען הויך אויפ'ן קול. זי לויפט דאמאָלסט דורך שנעל, איהר דאכט, אז דאָס לאכען זיי פון איהר, פון איהר שטילקייט און עהרליכקייט.

אַמ בעגעגענט זי זיך מיט איהם אין דעם ענגען, שמוצי־גען קאָרידאָר. ער קוקט זי אָן מיט זיינע גראָהע אויגען און

שמייכעלט דערביי עפּעס אזוי געמיין, אז עס קומט איהר אריין דאָס בלוט אין געזיכט, און עס פערפּעהלט איהר אטהעם...

מיט ווערטער האָט ער זי אָבער קיינמאָל ניט פערטשעפּעט. זי איז, הייסט עס, ניט פאר איהם. אזוי, ווענינגסטענס, מיינט זי.

זי נעהט דאמאָלסט אריין צו זיך אין שטיבעל און קלאָגט זיך פאר דער מוטער:

— אזא גראָבער יונג, דער דאָזינער „רויטער“ — אנקור־קען קען איך איהם ניט...

— וואָס? ער האָט דיך חלילה פערטשעפּעט? — דער־שרעקט זיך די מוטער...

— ניין... ער דאַרף דוקא פערטשעפּען... — ענטפערט זי מיט פערדרוס — ער איז גלאָט א געמיינער יונג...

— ס'א דאגה, מיין טאָכטער, — בערוהיגט איהר די מו־טער — וואָס געהט ער דיר אָן? דו ביזט א שטילע, עהרליכע מיידעל...

באָשע ביילע ענטפערט ניט, זי לאָזט נאָר ארוים א שטי־לען זיפץ, און נעהמט זיך צו דער ארבייט.

---

זיצט איינמאָל באָשע־ביילע אין שטיבעל ביים מאשין און שטעפּט א העמד. ערשט זי דערהערט, ווי עמיצער האָט זיך ווי אריינגע'גנב'עט שטיל דורכ'ן טהיר. זי קעהרט אום דעם קאָפּ, און זי בלייבט ווי פערגליווערט: פאר איהר שטעהט יאָסעל דער רויטער, קוקט זי אָן מיט זיינע סארע אויגען און שמייכעלט.

— איהר האָט זיך דערשראָקען? — לאַכט ער...

זי געפינט ניט קיין ענטפער, און ווייס ניט וואָס זי זאָל פארנעהמען...

— איהר זיינט א גאנץ שעהן־מיידעל, אביסעל אויסגע־

מאַגערט... אָבער דאָס שאַדט ניט — איך האָב דווקא ליעב אַזעל־כע...

זי וויל עפּעס ענטפערען, נאָר עס פאַרפעהלט איהר אָטהעם, אַ הייסער שטראָם פליהט איהר דורך אין גאַנצען קערפּער. און פון אַלע געדאַנקען בלייבט איהר בלויז איינער אין קאָפּ:

— זאָל די מאַמע איצט ניט אָנקומען!...

ער געהט צו איהר צו און נעהמט זי אָן פאַר דער האַנד. זי האָט ניט קיין קראַפט צו וועהרען זיך.

— איהר דאַרפט פאַר מיר קיין מורא ניט האָבען... — זאָגט ער איהר, צובויגענדיג זיך צו איהר גאָר נאָהענט... איך וועל אייך ניט טהאָן קיין שלעכטס... איך ווייס דען ניט, אַז איהר זייט אַן עהרליכע טאָכטער... אַ שטילע, אַ וואוילע...

פון די לעצטע צוויי ווערטער קומט זי צו זיך, דערפיהלט זיך ווי בעליידיגט, און ווי ניט מיט איהר ווילען, רייסט זיך ביי איהר אַרויס פון מויל:

— איך בין ניט אַזוי שטיל און וואויל, ווי איהר מיינט...

— איז נאָך בעסער! — כאַפּט ער זיך אָן מיט פרייד... און וויל זי אַרומנעהמען...

— די מאַמע קאָן אַריינקומען... — מורמעלט זי פאַר שרעק און אויפרעגונג...

— עט די מאַמע — לאַכט ער ציניש... — איך קען זיין אייער מאַמע און אייער טאַטע און אייער מאַן...

אַ זיסער שווידער געהט דורך איהר קערפּער פון דעם לעצ־טען וואָרט.

— איהר דאַרפט ניט אַזאַ ווי איך... — זאָגט זי בע־שיידען אַרויס... איהר ווילט מיך נאָר אויסלאַכען...

— זאָל מיך גאָט שטראָפען! — צינדט ער זיך אָן, און זיין געזיכט ווערט שטרענג ערנסט, — איך ווייס דען ניט, ווער איהר זענט? אַ טהייער מיידעל, האָב איך אַזאַ יאָהר, וואָס פאַר

א מיידעל איהר זענט... דוקא אזא ווי איך בין א מבין אויף אייך... איהר פערשטעהט! דוקא אזא ווי איך!...

זי קוקט איהם דרייסטער אַן. אין קאָפּ פליהט איהר דורך, אַז זי וועט זיך איצט נוקם זיין אַן אלע, וואָס האָבען געזאָגט אויף איהר שטענדיג, אַז זי איז א שטילע, וואוילע, זאָלען זיי איצט וויסען... זי איז ניט קיין שטילע און ניט קיין וואוילע, ניין, זי איז ערגער פאר אַלע מיידלעך... אט דעם יאָסעל דעם רויטען קלייבט זי אויס...

ער נעהמט זי ארום אין זיינע פעסטע הענד און דריקט זי. א נייע ערשט־געבאָרענע פרייד צינדט זי אַן, זי כאַפּט איהם ארום צוריק מיט איהרע הענד און דריקט איהם געהענטער צו זיך, נעהענטער, נעהענטער...

— אַט אזוי האָב איך ליעב! — ברומט ער ארויס, און קושט זי אין האלז...

— מען האָט גערארפט צושפּארען די טהיר — דער־מאָהנט זי זיך, נאָר באלד פאלט איהר איין, אַז עס וואָלט איהר גאָר ניט געארט, אַז עמיצער זאָל אָנקומען... פערקעהרט, זאָל מען טאקע אָנקומען. זאָל קלינגען די גאס מיט איהר, זאָלען אַלע וויסען, וואָס די וואוילע און שטילע באשע־ביילע האָט זיי אָב־געטהאָן! און זאָל שוין זיין א סוף מיט איהר וואוילקייט און שטילקייט!...

ערשט וועט זי אָנהויבען צו לעבען, צו געניסען!

און זי רופט זיך אָן צו יאָסלען:

— איך וויים, אַז איהר מיינט מיט מיר ניט חתונה האָ־בען נאָר עס ארט מיך ניט...

יאָסעל קוקט זי אָן ערשטוינט:

— ווי הייסט, דיר ארט ניט?

— מיר ארט ניט! — זאָגט זי, ווי איטעצען אויף צו־

להכעיס — איך בין ניט אויסען דוקא מיט אייך חתונה צו האָ־
בען...

— וואָס דען ביזטו אויסען?... — פרעגט ער איהר פער־
וואונדערט, און קוקט זי אָן מיט זיינע גרויע אויגען.

— איך בין אויסען אראָבוואַרפען פון זיך דעם יאָך פון
שטילקייט און וואוילקייט און עהרליכקייט, דער יאָך, וואָס האָט
מיר געדריקט דאָס גאנצע לעבען...

ער האָט איהר ניט פערשטאַנען:

— וואָס רעדט זי פאר מאָדנע ווערטער? פאָרט א יאָל־
דין — האָט ער געטראַכט.

ער האָט איהר געוואָלט עפּעס ענטפערען, נאָר עס האָט
זיך דערהערט ווי אימיצער געהט. ער האָט געמאַכט א בעווע־
גונג ארויסצוגעהן, נאָר זי האָט איהם אָבגעהאַלטען:

— האָט ניט קיין מורא...

עס איז אריין די מוטער. דערזעהענדיג יאָסעל דעם רווי־
טען, האָט זי געגעבען א פּאַטש מיט די הענד און דערשראָקען
אויסגעשריען:

— וועה איז מיר, וואָס טהוט ער דאָ...

— שריי ניט, מאַמע... — האָט באַשע־ביילע זיך געווענ־
דעט צו איהר — יאָסעל דער רויטער וועט זיין מיין חתן...

— דיין מאַן... — האָט ער פערבעסערט, און טראַציג גע־
קוקט אויף דער מוטער...

— וועה איז מיר! — האָט די אָרימע מוטער פערבראָ־
כען מיט די הענד — ווי קומט עס צו דיר? — דו מאַכסט
זיך דאָך אונגליקליך, טאָכטער מיינע... בעטראַכט זיך...

— עס שאַדט נישט מאַמע... — האָט באַשע־ביילע זי גע־
טרייסט — זעקס און צוואַנציג יאָהר בין איך געווען א וואוי־
לע און א שטילע, און איך בין ניט געווען גליקליך... איך האָב
פון קיינעם ניט געהערט קיין איינציג וואָרט, וואָס זאָל רעדען צו

מיין הארץ. יאָסעל דער רויטער איז דער איינציגער, וואָס האָט געזאָגט, אז איך בין א שעהן מיידעל...

— אזא יאָהר האָב איך, ווי שעהן דו ביזט... — האָט יאָסעל בעשטעטיגט און געקוקט מיט פייערדיגע בליקען אויף איהר.

— הערסטו... דער איינציגער, וואָס האָט פערשטאַנען וואָס צו זאָגען מיר — זאָל איך איהם ניט אָבדאנקען דערפאר?...

הא, מאמע, איך בין דאָך א וואוילע... — האָט זי איראָניש אויסגעלאָזט...

די מוטער איז געשטאַנען מיט אַן אראָבגעלאָזענעם קאָפּ און דורך טרעהרען געמורמעלט:

— טהו, מיין טאָכטער, ווי דו ווילסט...

יאָסעל דער רויטער האָט אָנגעקוקט דער אלטער און טראַכטענדיג א ווײלע, איז ער צוגעגאַנגען צום טיש, אקלאפּ געטהאָן מיט'ן פויסט איבער איהם, און ארויסגעשריען:

— וויינט נישט, אידענע! איך וועל אייער באשע־ביילע'ן היטען ווי די אויג אין קאָפּ...

די מוטער האָט זיך א דערשראָקענע ארויסגערוקט...

ער איז צוגעגאַנגען צו באשע־ביילע'ן און זיך אָנגערופען:

— זאָג דיין מאמען, זי זאָל ניט זיין קיין יאָלדין...

באשע־ביילע האָט זיך צולאכט פון דעם וואָרט. זי האָט זיך צוגעבויגען צו איהם און מיט א לוסטיגען שמייכעל געפרעגט:

— וואָס בין איך?

— א שעהן מיידעל ווי גאָלד! — האָט ער הויך געענטפערט.

— געדענק־זשע! — האָט זי איהם לאַכענדיג געדראָהט מיט א פינגער — נישט קיין וואוילע און נישט קיין שטילע, נאר א שעהן־מיידעל...

— א וואוילע אויך! — האָט יאָסעל צוגעלעגט.

— אך, מיין גאָט! ער אויך ווי זיי אלע! — האָב מיך

נישט ליעב פאר מיין שטילקייט און עהרליכקייט. האסט דאך ערשט ניט לאנג געזאגט, אז איך בין א שעהנע מיידעל... — האט זי ביי איהם געמאהנט...

— אודאי א שעהנע... האט ער צוגעגעבען... שעהן ווי גאלד, אבער איך וויל דוקא אן עהרליכע און א שטילע...

— דו ביזט אזא שלעכטער, ווי אלע! איך בעט דיך, יאסעל, דערמאהן מיך נישט מיין עהרליכקייט... איך וויל זיין א פרעהליכע, ווי יענע מיידלאך, וואס דו שטעהסט מיט זיי ביים טויער; איך וויל ניט זיין קיין שטילע...

יאסעל האט זי אנגעקוקט פערוואונדערט און גאר נישט פערשטאנען...

# די דרייצעהנטע.

ענדליך האט בערמאן זיך פערליעבט אין א מיידעל פון וועלכע ער איז געליעבט געוואָרען.

ביז אהער איז איהם אין ליעבע נישט געגאנגען. אין זיין נאטיץ־ביכעלע, וואו ער פערשרייבט אמאָל א שעהן ווערטעל פון א ביכעל, אָדער פון א זשורנאל, וואָס ער לייענט אויס, זיינען פערשריעבען אלע זיינע ליעבעס: צוועלף מאָל האט ער שוין געליעבט און אלע צוועלף מאָל איז ער מיאוס אָבגענאַרט געוואָרען. — ער האט זיך שוין שיעור נישט מיאוש געווען פון דער גאנצער ליעבע, א מאך געטהאן אויף אלע פרויען מיט דער האנד און בעשלאָסען מעהר זיך נישט נאַריש מאַכען. עס איז נאָך נענוג געבליבען אָהן ליעבע: ליטעראַטור, מאהלעריי, מוזיק און טאקי געזעלשאפטליכע פראגען אויך. נישקשה, עס איז דאָ מיט וואָס אָנצופילען דאָס לעבען און געבען איהם אן אינהאלט, אום ניט צו טראכטען וועגען זעלבסטמאָרד...

האט זיך אבער אונטערגערוקט אונטער דער האנד גאָר אונערוואַרטעט א נייע ליעבע: א דרייצעהנטע הייסט עס. און אזוי ווי הערמאן איז ניט געווען אָבערגלויביש, האָט בעזעסען א קלאָרען שכל און אין דער שלעכטער בעדייטונג פון „דריי־צעהן" ניט געגלויבט — האט ער זיך געלאָזט פון שיקזאל אָ־בערבעטען און האט די דאָזיגע נייע ליעבע אָנגענומען.

און ווירקליך איז געווען א שאָד אזא ליעבע ארויסצו־לאָזען פון דער האנד: דער אָביעקט פון דער דאָזיגער ליעבע איז געווען העניע קאַץ, א קורסיסטקע, מיט וועלכער ער האט זיך

בעקענט אין פילהארמאָניע אויף א פּאָפּולערען קאָנצערט, און זי האָט אויסגעזעהען צו זיין זעהר אינטערעסאַנט!

די ערשטע פּאָר טעג האָט ער זיך געפיהלט אין גאַנצען גליקליך און רוהיג. דער וואָרים פון צווייפעל האָט איהם אויסגעמיטען. שפּעטער אבער האָט ער זיך דערמאָנט, אז אייגענטליך האָבען אלע צוועלף ליעבעס די ערשטע צייט אויסגעוויזען אזוי זיכער. ער, אלס געניטער מענש, דאַרף עס נעהמען אין אכט און מעהר ניט לאָזען זיך אָבנאַרען. ער איז שוין ניט קיין אינגעלע.

איצט, האָט ער בעשלאָסען, דאַרף מען זיין פאָרזיכטיג.

און קומענדיג אויף מאָרגען אין אבענד צו זיין נייער געליעבטער אין צימער, כדי צו געהן מיט איהר אין טעאטער, האָט ער אויסגענוצט די האלבע שטונדע צייט, וואָס איז נאָך צום טעאטער געבליבען און אָנגעהויבען עקזאמינירען איהרע געפיהלען צו איהם.

האָבענדיג, ווי געזאָגט, די גרויסע געניטקייט פון א יונגען מאַן וואָס איז צוועלף מאָל געווען געליעבט און צוועלף מאָל אָבגענאַרט, האָט ער איהר פאָרזיכטיג א קוש געטהאָן אין די האָר, און ווי א לעהרער, ארייננקוקענדיג איהר אין די אויגען, זי אויסגעפרעגט:

— האָסטו מיך טאקע ליעב?

— יא! — האָט די קורסיסטקע געענטפערט גענוג בעשטעטיגענד.

הערמאַנען האָט אבער דער יאָ געקלונגען נישט פעסט.

ער האָט זי א קוש געטהאָן אין שטערען און ווייטער געפרעגט:

— פיהלסטו אז אָהן מיר וואָלסטו ניט געקענט לעבען?

— נו, געוויס! — האָט זי ווייטער בעשטעטיגענד געענטפערט.

— „געווים!" האָט ער נאָכגעדענקט, „זי איז זיכער, אבער ניט איך!" ער האָט זי א קוש געטהאָן אין די אויגען און זיך ווידער גענומען אויסצופאָרשען איהר הארץ.

—ווען איך קום נישט, למשל, צו דיר היינט, וואָלסטו געבענקט?

— געווים וואָלט איך געבענקט, — האָט די קורסיסטקע געענטפערט ווי א שילערין, וואָס ווייסט גוט איהר לעקציע און האָט נישט קיין מורא פאר ארייגפאַלען.

ער איז געבליבען צופרידען. דאָך איז ער נאָך ניט אין גאנצען זיכער: יענע פלעגען אויך אויף אלע זיינע פראגען איהם ענטפערען אויף יאָ...

און איבערגעהענדיג מיט'ן קוש פון די אויגען צו די ליפען, האָט ער נאָכדעם, ווי ער האָט דאָרט פעסט אָנגעזויגעלט זיין עלעגאנטען קוש, אויפגעהויבען דעם קאָפּ, ארייגגעקוקט זיין געליעבטער טיעף אין די אויגען און אביסעל שטרענג ווידער געפרעגט:

— און ווי איז, למשל, אז דו דערזעהסט א שעהנערען, א מעהר אינטערעסאנטען פאר מיר און יענער ערקלעהרט זיך דיר אין ליעבע, וואָלסטו געקענט ביישטעהן דעם נסיון?

— איך גלויב אז יאָ! — האָט די קורסיסטקע געענטפערט און אראָבגעלאָזט די אויגען.

— דו לאָזט אראָב די אויגען! — האָט ער בעמערקט און מעהר קיין קוש איהר ניט געגעבען.

— דו האָסט מיך מיעד געמאכט מיט אזוי פיעל פראַגען!

— ענטשולדיג, מיין קינד! — האָט ער זי געבעטען. — איך מיין נישט מיט מיינע פראגען דיך מיעד צו מאכען. אדרבא, איך מיין אז אזוינע פראגען שאדען ניט, פערקעהרט זיי זיינען נויטיג, מען דארף זיך קלאָהר מאכען די געפיהלען. איך

וואָלט זעהר געוואָלט, אז אויך דו זאָלסט מיר די זעלבע פראַגע שטעלען...

— שוין שפעט! מען דארף שוין געהן אין טעאטער, — האָט זי זיך געבעטען.

נאָכ'ן טעאטער האָט ער זי בעגלייט אהיים. ער האָט זי האלטען פעסט אונטער'ן אָרים און געטראכט פון דעם וואָס אין טעאטער האָט זי זיך צופיעל ענטציקט מיט דעם ארטיסט, וואָס האָט געשפיעלט די ערשטע ראָליע. זי האָט איהם אפּלאָדירט מעהר ווי אלע. ער האָט געפונען פאר נויטיג צו מאכען אן אויספאָרשונג וועגען דעם:

— דו ביזט פון איוואַנאָוו'ען געוועז ענטציקט. געפעלט ער דיר אזוי?

— אַה, ער שפּיעלט וואונדערליך שעהן! — האָט זי בע־גייסטערט געענטפערט.

— שפּיעלען שפּיעלט ער ווירקליך שעהן, אבער מיר דאכט, אז מען אפּלאָדירט איהם מעהר פאר זיין אויסערליכע שעהנ־קייט.

— יא, ער איז זעהר שעהן, — האָט קאַץ נאָכגעגעבען.

— פרויען האָבען זעהר ליעב ארטיסטען! — האָט ער שטעכעדיג בעמערקט, — איז עס טאקי אמת?

ער האָט איהר אריינגעקוקט אין די אויגען און געוואָרט אויף אן ענטפער.

זי האָט געשוויגען.

— דו שווייגסט?

— וואָס קען איך דיר דארויף ענטפערען?

— איך מיין צי דו וואָלסט איצט אימשטאנדע געווען צו פערליעבען זיך אין אן ארטיסט.

— מיר דוכט, אז ניט...

— דיר דוכט, אבער ביזט ניט זיכער.

— זיכער קען מען ניט זיין... — האט זי שטיל געענט־פערט.

— פאר וואס בין איך זיכער! — האט ער געפרעגט מיט פארוואורף, — זאל קומען צו מיר סארא בערנארד אליין און פאלען מיר אויפ'ן האלז און זאגען: הערמאן, איך ליעב דיך! וואלט איך זי אבגעשטויסען און קורץ און טרוקען געענט־פערט:

— איך ליעב העניע קאץ!

— איך וואלט אפשר אויך אזוי געענטפערט, — האט זי געוואלט איהם לייכטער מאכען.

— אט דער „אפשר" איז דער דארן אין דער ליעבע.

— איך מיין, אז געווים... — האט זי נאכגעגעבען.

ער איז געווארען רוהיגער, און, צופיהרענדיג זי ביז'ן טויער, האט ער זי א קוש געטהאן אפיציעל אין קאפ, געוואונשען א גוטע נאכט און צוגעגעבען:

— נאר נישט פערפיהרען, נאר דעם אמת...

---

יא! האט ער געטראכט געהענדיג אליין. דאס דאזיגע מיידעל האט מיך ליעב, אבער פארזיכטיג דארף מען אויך מיט איהר זיין!

און אויף מארגען האט ער זי ווידער עקזאמינירט:

— האסטו מיך באמת ליעב? — האט ער זי געפרעגט נאכ'ן ערשטען קוש אין קאפ, אריינקוקענדיג איהר טיעף אין די אויגען.

— הויבסט ווידער אן? — האט זי געזאגט אביסעל דענערווירט, — וויפיעל איז דער שיעור צו פרעגען?

ער האט זי א קוש געטהאן אין שטערן און געענטפערט:

— עס דארף דיך ניט ארען, אדרבא, דארפסט זיין צו־פרידען. פרעג אויך דו מיך. מיך וואונדערט טאקי פאר וואס

מיך פרעגסטו גארניט. נו, אדרבא, פרעג מיך, צו האב איך דיך ליעב.

זי האט זיך פאנאנדערגעלאכט און געפרעגט:

— האסטו מיך עפעס ליעב?

— א ביסעלע! — האט ער איהר בכיון געענטפערט.

זי האט דערויף גארנישט בעמערקט. דאס האט איהם שטארק געארט. איהר פערדריסט גאר ניט וואס נאר „א ביסעלע". און ער האט מיט פארוואורף געקלאגט זיך:

— איך ענטפער דיר אביסעלע, און דיר ארט נישט.

— מיר איז גענוג אביסעל, — האט זי געלאכט.

ער איז בייז געווארען און האט זיך אויפגעשטעלט פון זיין פלאץ:

— איך פיהל, אז דו האסט מיך ניט ליעב...

— ביזט א נאר! — האט זי געלאכט...

— א נאר האט מען טאקי ניט ליעב, — האט ער איהר ערקלערט.

— נו, וויעדער דאס איינענע! — האט זי זיך געבייזערט, — עס ווערט דאך נמאס....

ער האט זיך פערשעמט און בעשלאסען מעהר ניט צו פרעגען. ער האט גענומען איהר האנד, געגלעט זי און געזאגט:

— האסט זעהר א שעהנע האנד.

— דאס האט מען מיר שוין געזאגט!

ער איז אונרוהיג געווארען און געפרעגט:

— ווער האט דיר עס געזאגט?

— ווי הייסט ווער? אלע בעקאנטע.

— בלויז בעקאנטע!

— ווער דען אנדערש? — האט זי זיך געוואונדערט.

— איך מיין, אפשר א געוועזענער געליעבטער...

— און אז א געליעבטער איז וואס? — האט זי רוהיג בעמערקט, — אבי א געוועזענער...

ער האָט בעטראַכט אַז זי איז גערעכט: וואָס אַרט איהם ווירקליך וועגען אַ געוועזענעם. איבעריגענס האָט ער דאָך אויך שוין צוועלף מאָל געליעבט. היינט מיט וואָס פאַר אַ רעכט האָט ער איהר פאַרווירפע צו מאַכען!

ער איז בערוהיגט אַוועק אַהיים און האָט געהענדיג בע־שלאָסען מעהר נישט אויסצופאַרשען איהר.

קומענדיג אויף מאָרגען צו איהר לויט דער בעשטימטער צייט, האָט ער זי ניט געטראָפען. דער צווייפעל אין איהר ליעבע צו איהם האָט ווידער ערוואַכט; די אַלע צוועלף פער־שוואונדענע ליעבעס זיינען אין איהם ווי לעבעדיג פאַרביי גע־צויגען און ווי געוואָרענט:

— הערמאַן, זיי אַ מענש! היט זיך מיט דער דרייצעהנ־טער!

ער איז אַרויס פון צימער און געוואָלט שוין געהן צו זיך אַהיים. אַבגעהענדיג אַביסעל פון איהר הויז, וואו זי האָט גע־וואָהנט, האָט ער זי אָנגעטראָפען. זי האָט איהם בעגעגענט מיט אַ שמייכעל.

ער איז אָבער געוועזען ערנסט. געבענדיג איהר קאַלט די האַנד, האָט ער געזאָגט:

— אַט אַזוי וואַרט מען דאָס?

— נו, עטליכע מינוט פערשפעטיגט, ענטשולדיג!

— עס געהט ניט אין ענטשולדיגען! — האָט ער טרו־קען בעמערקט, — עס געהט אין עפּעס אַנדערש...

— אין וואָס? — האָט זי פערוואונדערט איהם אָנגע־קוקט.

— איך מיין טאַקי אין דיין ליעבע צו מיר.

— נו, ווייטער! — האָט זי געלאַכט. — גאָט מיינער, איך וועל דאָך ווירקליך אויפהערען דיך צו ליעבען פאַר אַזאַ ניט צוטרויען.

הערמאַן האָט זיך דערפיהלט שולדיג אנטקעגען איהר: ווירקליך, וואָס צווייפעלט ער אזוי! ער איז געוואָרען זעהר גע־ריהרט און האָט בעשלאָסען צו ענטדעקען איהר דעם גאנצען אמת.

— קום אריין אין צימער, וועל איך דיר ערקלעהרען פון וואנען שטאמט מיין אונטרויען צו דיר.

און אין צימער, זיצענדיג מיט איהר האנד אין האנד, האָט ער אָנגעהויבען:

— ווייסטו, הענעלע, וויפיעל מאָל איך בין שוין פון דיינע שוועסטער גענאַרט געוואָרען...

זי האָט אויף איהם אויפגעהויבען איהרע אויגען און ניי־געריג געפרעגט:

— וויפיעל, וויפיעל?

— צוועלף מאָל! — האָט ער זיעגעריש געענטפערט.

העניע האָט זיך שטארק צולאכט.

איהר געלעכטער האָט הערמאַנען בעליידיגט. — איך ענטדעק דיר מיין הארץ און דו לאכסט עס אויס, — איך האָב נישט ערווארטעט.

— און איך האָב נישט ערווארטעט, אז איהר האָט צוועלף מאָל געליעבט, — האָט זי נאָך שטארקער זיך צולאכט...

זי האָט איהם אָנגעקוקט מיט לאכעדיגע אויגען און וויע־דער געזאָגט:

— יא, איצט פערשטעה איך פארוואָס איהר טרויט ניט קיין פרוי, מען קען זיי טאקי ניט טרויען...

— דיר, הענעלע, וועל איך שטענדיג גלויבען... — האָט ער ריהרענד געזאָגט.

— ניין, איך בין ניט בעסער פאר זיי. אלע פרויען זיי־נען פערדאָרבען. איך בין אויך אזוי.

— זעהט איהר! — האָט זיך הערמאַן אָנגעכאפּט בע־גייסטערט, — איך האָב אבער געפיהלט.

און א צופרידענער. וואס ער האט געטראפען און גע־פיהלט טאקי, אז זי האט איהם נים ליעב, האט ער זיך אויפ־געשטעלט, גענעבען איהר די האנד און געזאגט:

— אלזא, איז אלעס געענדיגט... איך ווינש אייך גליק!

און ער איז ארויס פון איהר צימער.

קומענדיג אהיים, האט ער א קליינע ווײלע געטראכט און באלד ארויסגענומען דעם נאטיץ־ביכעל און פערשריבען די דרייצעהנטע ליעבע.

און כאטש ער איז געווען א פריידענקער און אין דער שלעכטער בעדייטונג פון דרייצעהן נים געגלויבט, איז איהם דאך אביסעל ביי דער צאהל אונהיימליך געווארען...

# נישטא קיין עצה.

**נאכדעם, ווי ליב, א נגיד'יש בחור'ל, פון א יאהר 22, איז** אבגעזעסען פיער חדשים אין טורמע אויפ'ן אדמיניסטראטיווען שטייגער, איז ער ארויסגעשיקט געווארען אויף דריי יאהר נאך אויסלאנד, אלס שעדליכער עלעמענט פאר דער רוסישער געזעלשאפט.

אויב ער איז געווען שעדליך פאר דער רוסישער געזעלשאפט, איז ער אבער שטארק נוצליך געווען דער קליינער קאלאניע, וועלכע האט זיך געפונען אין דער גאליצישער שטאדט, וואוהין ער איז אריינגעפאלען און זיך בעזעצט. טרעפענדיג די אלע עמיגראנטען אין א זעהר שווערער מאטעריעלער לאגע, האט ער גלייך זיין ביסעל געלד, וואס זיין טאטע האט איהם מיטגעגעבען, צוטיילט צווישען די ארימע חברים. נאכדעם, ווי ער איז געבליבען אהן געלד, האט ער די עטליכע טעג, וואס איהם איז אויסגעקומען צו ווארטען אויף פריש געלד פון דערהיים, אביסעל צוגעהונגערט, אבער זענענדיג איבערגעגעבען זיינע נייע חברים, האט ער זיין לאגע אנגענומען פאר ליעב, טרייסטענדיג זיך, אז אזוי דארפען לעבען אלע רעוואלוציאנערען, וועלכע ריכטען אב ביז א צייט גלות... עס האט איהם נאר באנג געטהאן א פאר עמיגראנטקעס, איידעלע מיידלעך, וועלכע האבען אויסגעזעהן זעהר חושך פון שוין צופיעל הונגערן און טאקע צוליעב זיי האט ער פערקויפט זיין זייגעריל און האט זיי דאס געלד אוועקגעבארגט, איבערלאזענדיג זיך נאר א פאר קרייצער, פאר וועלכע ער האט געקויפט א בולקע און געהענדיג צו זיי, עס געקייט, ווי אן עכטער רעוואלוציאנער...

בעקומענדיג דאָס ערשטע מאָל פון דערהיים פריש געלד, איז ער גלייך אוועק אין דער לעזע־האַלע, וואו די עמיגראַנטען פלעגען זיצען דאָס רוב, און ער האָט זיי געמעלדעט, אז ער האָט בעקומען געלד און ווער עס דאַרף, זאָל זיך ניט שעמען...

אין א פּאָר טעג ארום איז די בעקומענע סומע ניט גע־וואָרען, און בלייבענדיג אָהן געלד, האָט ליב זיך ווידער דער־פיהלט, אז ער איז א רוסישער רעוואָלוציאָנער, וואָס איז ניט געבוירען געוואָרען צוליעב תענוגים. ס'איז נאָר א שאָד, וואָס א פּאָר עמיגראַנטען פון דער קאָלאָניע, וועלכע האָבען יאָ אביסעל געלד, פיהרען זיך גאָרניט, ווי רעוואָלוציאָנערען. זיי, אז זיי בעקומען געלד, פערטהוען זיי עס פאר זיך אליין. מיט וואָס פאר א רעכט זיינען זיי רעוואָלוציאָנערען און וואָס טראַכטען זיי זיך — קען ער ניט פערשטעהן. וואָהרשיינליך האָט די רוסישע אדמיניסטראַציע זיי ארויסגעשיקט על פּי טעות. נעהמענדיג זיך אויספאָרשען, ווער זיי זיינען, האָט ער טאַקע ערפאהרען, אז איינער איז גאָר אנטלאָפען פון פריזיוו און דער צווייטער פון בעלי־חובות...

בעקומענדיג נאָכאמאָל פון דער היים געלד, האָט ער ווע־גען דעם, נאַטירליך, אויך גלייך מודיע געווען די חברים. איצט אָבער האָט ער שוין דריי רובעל פון דער בעקומענער סומע פון די חברים אראָבגע'גנב'עט, ניט אויסגעזאָגט זיי. ס'איז איהם שוין עטוואָס ניט געפעלען געוואָרען דאָס הונגערן, ביז ער בע־קומט דאָס געלד. די גאַנצע אראָבגע'גנב'עטע דריי רובל האָט ער אָבער אין גאַנצען ניט אויסגענוצט פאר זיך אליין. זעהענדיג זיך אין א פּאָר טעג ארום מיט א פּאָר פרישע ארויסגעשיקטע עמיג־ראַנטען, וואָס האָבען ניט געהאַט אויף א נאַכט־לעגער, האָט ער פאר זיי זיך מודה געווען, אז ער האָט נאָך אביסעל געלד און ער קאָן זיי אוועקבאָרגען....

קומענדיג נאָכדעם אין דער לעזע־האַלע און אָבזיצענדיג דאָרט עטליכע שעה ביי א דיקען ערשט־אָנגעקומענעם רוסי־

שען זשורנאַל, איז ער ענדליך שטאַרק הונגעריג געוואָרען. ניט בערלאַזענדיג זיך פון דעם געלד קיין העלער, האָט ער געוואָר־פען אויגען אויף די עמיגראַנטען, קלערענדיג ביי וועמען קאָן ער איצט קריגען לייהען אליין עטליכע צענט... זעהענדיג אבער אַלע פער'חושך'טע, פינסטערע פנים'ער, האָט ער ניט געוואַגט צו קיינעם צוצוגעהן און ער האָט בעשלאָסען היינט לעגען זיך שלאָפען א הונגעריגער, טרייסטענדיג זיך מיט דער האָפנונג, אז ווי ער וועט בעקומען נאָך אביסעל געלד, וועט ער, ערשטענס, אראָב'גנב'ענען א גרעסערע סומע און, צווייטענס, וועט ער גלייך קויפען טהיי און צוקער און א גרויסען לאבען ברויט און זאָל זיין שטענדיג וואָס צו עסען.

זיין האָפנונג איז ערפילט געוואָרען. בעקומענדיג ווידער געלד פון דער־היים, האָט ער, נאָכדעם, ווי ער האָט פערליהען דעם גרעסטען טייל די אָרימע עמיגראַנטען, זיך איבערגעלאָזט א גרעסערע סומע, פאר וועלכע ער האָט זיך אָנגעגרייט שפייז אויף א גאַנצען חודש...

טרעפענדיג זיך אבער אויף מאָרגען מיט א פּאָר נייע עמיג־ראַנטען, וועלכע האָבען ביי איהם געבעטען עפּעס געלד לייהען, האָט ער זיי, ווי פערשולדיגט, געענטפערט:

— קיין מזומן געלד, ברידער, האָב איך ניט, נאָר איך האָב שפּייז. קומט צו מיר, וועלען מיר עפּעס עסען.

מיר דאַרפען ניט קיין מזומנים! — האָבען די עמיגראַנ־טען פרעהליך געענטפערט, מיר ווילען פּשוט עסען.

אויף אזא אופן האָט די אָנגעגרייטע שפּייז זיך געצויגען נאָר דריי טעג, אויפ'ן פיערטען טאָג איז ליב'ן געבליבען נאָר אביסעל טהיי און עטליכע שטיקלעך צוקער, וועלכע זיינען גע־לעגען יתומדיג צושפּרייט איבער'ן טישעל אין זיין קליין צי־מער'ל. ער האָט די דאָזיגע עטליכע שטיקלעך צוקער צונויפגע־נומען, איינגעוויקעלט אין א שטיקעל פּאַפּיער און געטראַכט, אז זיי וועלען צו־נוץ קומען אויף מאָרגען פריה — טהיי טרינקען.

נאָר איידער ער האָט נאָך געענדיגט דעם דאָזיגען גע־דאַנק, זיינען אריין צו איהם די צוויי איידעלע מיידלעך און איינע פון זיי האָט געפרעגט:

— האָט איהר, לייב אביסעל געלד?

און ווי א פערשולדיגטער האָט ער געענטפערט:

— ניין, קיין געלד ניט... טהיי און צוקער אויב איהר ווילט...

— א פּאָר זעמעל צו טהיי? — האָט איינע געפרעגט — וועט איהר געבען?

— זעמעל?... האָט ער אויסגעשטאַמעלט — זעמעל... ניין, זעמעל האָב איך ניט...

און אָבשטאַמלענדיג די עטליכע ווערטער, האָט ער ענד־ליך צוגערופען:

— איך וועל זיכער די טעג בעקומען געלד...

— זאָלט איהר מיך האָבען אין זינען! — האָט בעשטעלט איינע פון די צוויי מיידלעך.

— ווי דען! — האָט לייב געענטפערט, און האָט דערווייל געמאכט טהיי פאר די געסט.

זעהענדיג, אז אראָב'גנב'ענען פון די בעקומענע געל־העלפט ניט, איז לייב ענדליך געפאלען אויף א גליקליכען פּלאַן. אין דער ביליגער קיך, וואו א צעטיל אויף א מיטאָג האָט גע־קאָסט 15 קרייצער, און וואו עס האָבען געגעסען אלע טאָג נאָר די עטליכע רייכע עמיגראַנטען פון דער קאָלאָניע, האָט ער גע־קויפט 30 צעטליך אויף א גאַנצען מאָנאַט, טראַכטענדיג: „איצט בין איך גערעטעט!".

און ווירקליך איז ער די ערשטע טעג געוועזן פערזאָרגט אלע טאָג מיט א גאַנץ נישקשה'דיגען מיטאָג. אויפ'ן זעקסטען טאָג אָבער האָט ער זיך בעגעגענט ווידער מיט עטליכע עמיג־ראַנטען און ווען איינער האָט איהם געפרעגט: „איהר האָט, לייב, אביסעל געלד?", האָט ער גלייך געענטפערט:

— קיין געלד ניט, איך האָב גאָר צעטליך...

— וואָס מאַכט עס אויס? — האָט איינער פון זיי געזאָגט. ניט אהער צו צעטליך.

— צעטליך קאָן איך אייך געבען, וויפיעל איהר ווילט! — האָב ליב געענטפערט, ניט וויסענדיג אליין, צי ער איז צופריע־דען, צי ניט.

בלייבענדיג אין א פּאָר טעג ארום אָהן איין צעטיל אויף א מיטאָג, האָט ליב זיך שטארק פערטראַכט, זוכענדיג א מי־טעל, ווי אזוי איינאָרדנען זיך צווישען די עמיגראַנטען. ער זאָל וועניגער הונגערן, נאָר אומזיסט האָט ער געזוכט. נאָכדעם, ווי די אַנגעגרייטע צעטליך האָבען אויך ניט געהאָלפען, האָט ער זיך מיאש געווען און שטיל א מורמעל געטהאָן:

— ניטאָ קיין עצה!...

# אין יענער צייט.

ביי דער יונגער מאדאם ליסבאראַן אין אויפנאהמס־צי־מער זיינען געזעסען עטליכע נאָהענטע בעקאנטע און האָבען געשמועסט ביי א גלעזעל טהעע. די מאדאם ליסבאראַן, א פרוי פון א יאָהר 30, איז געווען זעהר גוט אויפגעלעגט און איהרע שעהנע שווארצע אויגען האָבען געלויכטען מיט גוטהערציגקייט און אויפריכטיגקייט.

געזעדט האָט מען וועגען דעם קליינעם שטעדטעל פון וועלכע דאָס רוב געסט האָבען געשטאַמט, פון דער אמאָליגער נאַאיוויטעט, עהרליכקייט און אידעאלען, וואָס האָט דאָרט גע־הערשט, ווען די בעוועגונג האָט זיך דאָרט נאָר וואָס געוויזען.

— יא, עס איז געווען א שעהנע צייט — האָט מאדאם ליסבאראן מיט שטראהלענדע אויגען קאָנסטאַטירט. זי האָט זיך אויפגעהויבען פון איהר שטוהל, זיך דורכגעגאנגען הין און צוריק איבער׳ן צימער, ליעבליך געשמייכעלט, ווי זי וואָלט זיך דערמאָנט אָן עפּיס אַן אינטערעסאנטע פּאסירונג, האָט זיך צוריק אוועקגעזעצט און האָט אָנגעהויבען אין א לאַבענדיגען טאָן פאָלגענדעס צו דערצעהלען:

צו אונז אין שטעדטיל האָט געבראכט דעם סאָציאליזם איינער מיט דעם נאָמען באדעוויטש, טאקי א געבוירענער אין אונזער שטעדטיל, נאָר ערצויגען פון צעהן יאָהר אָן אין דער נאָהענטער גרויסער שטאָדט. געווען איז ער חייקעל דעם שניי־דערס א זוהן, זיין טאַטע איז געווען א דאָר קליין יודעל, א גרוי־סער עם־הארץ, ניט נאָר אין די שווארצע פינטעליך, נאָר אפילו אין זיין פּאַך. געגעהט האָט ער נאָר פאר די דאָרפיגע פויערים

און פּויערטעס. די שטעדטילשע בעלי־בתים, װאָס האָבען ניט אזוי געהאַלטען פון דער מאָדע, האָבען איהם קיין שטיקעל אר־בייט ניט געגעבען. פערשטעהט זיך, אז אזא שניידער איז ניט געװען קיין אנגעזעהענער מענש, און האָט קיין שום ראָלע ניט געקענט שפּיעלען. די זעלבע זאך זיין װייב, ציפּע, א נאַרישע פערשלומפּערטע יודענע, װאָס האָט געהאָלפען אָפּט די רייכע בעלי־בית'טעס רייז מאַכען זייערע הייזער און אנדערע אר־בייט. מיינע עלטערען האָבען דוקא געװאָהנט מיט זיי אין איין גאַס, און דערפאר געדאנק איך עס אזוי גוט.

אָבער אז עס איז געקומען צופאָהרען זייער זוהן נאָטיל אין א קורצען ראָק, לאַנגע האָר און אין א רױטער בלוזע און האָט זיך פאָרגעשטעלט מיט זיין לעצטען נאָמען באדעװויטש, האָט זיך דעם שניידערס הייזעל פערװאַנדעלט אין א מין קלוב...

דער דאָזיגער נאָטיל האָט גערעדט רוסיש און שטענדיג ארומגעגאנגען מיט ביכלעך אונטער'ן אָרים, װאָס דאָס אליין װאָלט שוין געװען גענוג צוציהען די אויפמערקזאמקייט פון דער יוגענד בפרט פון אונז קליינשטעדטעלדיגע מיידלעך.

שטעלט זיך אָבער פאָר, װי גרויס איז אונזער אינטערעס צו איהם געװען װען מען האָט ערפאהרען, אז דער דאָזיגער נאָטיל, חייקעל דעם שניידערס זוהן איז ניט נאָר א גרויסער קענער און רעדט רוסיש ניט ערגער װי דער פּריסטאװ, נאָר איז נאָך דערצו א גרויסער סאָציאַליסט.

דאָס איז געװען דער ערשטער סאָציאַליסט, װאָס מיר שטעדטעלדיגע מיידלעך האָבען געהאַט די זכיה צו זעהן פּנים אל פּנים. ביז נאָטיל איז געקומען האָבען מיר פון סאָציאַליסטען געהאַט א פאָרשטעלונג, װי װעגען די געפעהרליכסטע מענשען. װעגען זיי איז אין שטעדטיל ביי די עלטערע ארומגעגאנגען שרעקליכע לעגענדעס אין װעלכע אויך מיר יונגע האָבען געגלויבט.

איך קען איצט האָבען פון אזא נאָטיל װאָס פאר א מיינונג איך װיל, אָבער דאָס מוז איך מודה זיין, אז ער איז געװען אינ־

טערעסאנט אין יענער צייט. זיין איגנארירענדער שמייכעלע, מיט וועלכען ער פלעגט מיך די ערשט צייט אנקוקען, זיין דרייסט־קייט און עזות וואס ער פלעגט ארויסווייזען בשעת רעדען מיט מיין טאטען, וואס איז געווען דער שעהנסטער בעל־הבית אין שטעדטעל, האט איהם צוגעגעבען א געוויסען רייץ, איבער־הויפט אין מיינע אויגען. ער האט דאס געפיהלט און האט עס שטארק אויסגענוצט, נאטירליך, נישט פאר זיינע נוצען, נור פאר די נוצען פון סאציאליזם. ער האט מיך הייסט עס, אגי־טירט...

— ווייסט שרקה, האט ער זיך צו מיר איינמאל אנגערופען, אז דיין טאטע און דיין מאמע זיינען פאראזיטען און דו וועסט אויך זיין אזא, אויב דו וועסט זיך ניט ראטעווען...

איך האב אראבגעלאזט פערשעהמט די אויגען און ניט געוואוסט, וואס צו ענטפערן... און ווירקליך האב איך ניט גע־האט וואס: דא שטעהט פאר מיר א מענש, וואס ווייס אלץ און וואס ווייס איך?...

— יא, דו וועסט אויך זיין אזוי ווי זיי, האט ער ווייטער גערעדט און זיינע אויגען האבען זיך אנגעצונדען.

איך האב זיינע בליקען נישט געקענט פערטראגען, אבער איך בין מודה, אז זיינע ווערטער, וואס איך האב די ערשטע צייט דונקעל פערשטאנען, האבען אין מיין הארצען און קאפ אנגעמאכט א גאנצע איבערקעהרעניש.

און איינמאל, נאכדעם, ווי ער האט מיך אנגעהויבען ווי זיין שטייגער צו שטעכען מיט אלערליי אויסדריקען האב איך זיך נאאיוו אנגערופען:

— נו, אדרבא, ראטעוועט מיך...

דא האט זיך זיין גאנצער אויסדריק פון געזיכט אומגע־ביטען: זיין שטרענגקייט איז אין גאנצען פערשוואונדען. ער האט מיך ליעב אגעקוקט, מיך אנגענומען ווי א ברודער פאר'ן האנ־ און איינבויגענדיג זיך צו מיר, האט ער מיר שטיל געפליסטערט:

— שרקה, איך וועל דיך ראטעווען פון דעם אונגליק, איך וועל דיך מאכען פאר אן אגיטאטארשע צווישען די מיידלעך און שוועבעל־פאבריק, וואס דער פאבריקאנט זויגט אויס זייער בלוט...

— איך וועל נישט קענען! — האב איך זיך שטיל און פערשעהמט אנגערופען...

— דו וועסט קענען!... האט ער מיר פערזיכערט — דו ביזט א געראטענע, האסט פעהיגקייט — איך זעה — איך קען זיך אויף אזעלכע.

אויף מארגען אין אבענד בין איך שוין בגנבה געזעסען ביי באדעוויטשען אין צימער און פלייסיג געשטודירט א ביכעלע אין שווארצע טאוועלעך... און האב צוזאמען מיט'ן שרייבער פון ביכעלע מיך אויפגערעגט אויף דער היינטיגער שלעכטער ארדענונג און צוזאמען מיט איהם געטרוימט פון א וועלט פון גלייכהייט און פרייהייט...

איבערהויפט האט מיך געפאקט דער אידעאל פון גלייכ־הייט און איך בין דאמאלס גענוג אויסגעשטאנען צו ווערען גלייך מיט די אלע נייע חבר'טעס מיינע, פאר וועלכע איך בין געווען שעהנער, רייכער און גליקליכער.

נאר אט די דאזיגע גלייכהייט איז מיר שווער אנגעקומען.

ערצויגען ביי בעלי־בתישע און אויב איהר ווילט ארים־טאקראטישע, כאטש קליינשטעטדטעלדיגע עלטערן, האט מיך די האלטונג פון מיינע נייע חבר'טעס פיעל מאל שאקירט. איבער־הויפט האב איך געהאט אויסצושטעהען פון די צוויי חבר'טעס מיינע, יענטיל און חייענקי, טעכטער פון חיים דעם וואסער־טרעגער, וואס האבען געארבייט פאר דריי גילדען א וואך טאקי אין שוועבעל פאבריק. די דאזיגע צוויי מיידלעך, דערהערענדיג אז די פראלעטאריער זיינען די גרעסטע יחסנים פון דער וועלט, האבען אויף מיר געקוקט מיט גרויס פעראכטונג. געלאכט אפען פון מיין ליעבער מאמען מיט איהרע פעריל, פון מיין גוטען שעה־

נעם טאַטען מיט זיין שווארצען ראָק און זיין שעהנעם פּעלץ...
וואָס אנבעטרעפט מיך, איז זיי ניט געפעלען געוואָרען מיין האַלטען זיך, מיין קליידונג, מיין פריזור, מיין פיינקייט....
— דו ביזט אפילו אן „אונזערע" פלעגט די עלטערע חיי־ענקע, זאָגען צו מיר, אבער דו ביזט פאָרט א בורזשויקע, ביז דו וועסט ווערען אן אמת׳ע פּראָלעטארקע, וועלען נאָך דארפען א סך וואסערען אריבערגעהן...
און איך האָב מיך געסטאַרעט אויסוואָרצלען פון מיר אַלע מיינע בעלי־בתישע געוועהנהייטען. די ערשטע כפּרה איז געוועזען מיין זיידענע בלוזקע, וועלכע איך האָב אזוי ליעב געהאט צו טראָגען סיי וואָך און שבת. די דאָזיגע בלוזקע האָט מיינע נייע חבר׳טעס, איבערהויפּט דעם וואסער־טרעגערס טעכטער, די צוויי פּראָלעטארקעס, געשטאָכען אין די אויגען.
שפּעטער, אז מיר פלעגען זיצען ביי באדעוויטשען, אדער בעסער געזאָגט, ביי חייקעל דעם שניידער ביז שפּעט אין דער נאכט אויסצוארבייטען די טאַקטיק פון דעם סטרייק אין שוועבעל־פאַבריק און נאָטיל פלעגט הייסען זיין מאמען, ציפּען, באַקען „בלינעס" (געלד פלעג איך דערויף געבען), פלעג איך האָבען אויסצושטעהען פון דעם עסען. הונגעריג בין איך געוועזען, נאָר די בלינעס האָב איך ניט געקענט עסען, זיי זיינען געוועזען צו גראָב פאר מיר, נאָר מיינע חבר׳טעס, דעם וואסער־טרעגערס מיידלעך, פלעגען מיר צוואווארפען ווערטעליך:
— שרקה עסט ניט קיין בלינעס... זי איז א בעלי־בתישע טאָכטער, זי האַלט נאָר פון גלייכהייט אין בוך.
— איך האָב ליעב בלינעס פונקט ווי איהר! — פלעג איך מיר וועלען אויספיינען פאר מיינע חבר׳טעס...
— פאר וואָס זשע עסט איהר ניט — פרעגט מיך ביין חייענקע.
— איך האָב נישט קיין גאָפּעל! — כאפּ איך מיך ארויס און פערגעס, אז ביי מיינע נייע חבר׳טעס איז א גאָפּעל ער־

גער ווי גע׳שמדט, און איך בעקום באַלד מיין שטראָף:

— א גאָפּעל וויל זי דוקא, פּראָלעטאַריער עסען אָהן גאָפּ־לען...

אמת, באַדעוויטש אַליין איז געווען צו מיר ווייך. ער האָט עקסטרא פאַר מיר אויסגעשניצט א גאָפּעל פון א שטיקעל האָלץ. נאָר קיין גאָפּעל האָב איך שוין ניט געניצט און האָב געגעסען ציפּע דער שניידערינס בלינעס מיט די הענד, גלייך מיט די פּראָלעטאַריער.

נאָר אָט די אַלע אָפּפערס, וואָס איך האָב געבראַכט איז געווען גאָר־נישט אין פערגלייך קעגען דעם, וואָס איך האָב גע־מוזט שפּעטער גלייך מיט מיינע חבר׳טעס און חברים, עטליכע שוסטער און שניידער יונגען, אָבלאַכען פון מיין שעהנעם אַריסטאָקראַטישען טאַטען און ליעבער גוט האַרציגער מאַמען...

און איינמאָל, קומענדיג, שפּעט אהיים, נאָך א היציגער דעבאַטע וועגען דער בורזשואַזי, האָב איך אַ אויפגערעגטע און א בייזע זיך אָנגערופען צו מיין טאַטען, וועלכער האָט מיר די טהיר געעפענט און ווייכהערציג געשטראָפט וואָס איך בין געקו־מען אזוי שפּעט...

— טאַטישי, צו וואָס דאַרפען מיר האָבען אזא שעהנע הויז און צו וואָס טראָגט די מאַמע פּעריל און דו א גוטען פּעלץ...

דער טאַטע האָט מיך דערשראָקען אָנגעקוקט און אויסגערו־פען:

— וואָס פּלוידערסטו, שרקה, וואו ביזטו דאָס געווען אזוי שפּעט...

איך האָב גאָרנישט געענטפערט; איך געדיינק ווי איצט, אז א גאַנצע נאַכט האָב איך ניט געקענט שלאָפען און האָב פער־שאָלטען מיין שלימזל, וואָס איך בין געבוירען געוואָרען ביי רייכע עלטערן און בין ניט חיים דעם וואַסער־טרעגערס א טאָכ־טער...

* * *

— יא, ס'איז געווען א שעהנע צייט! האט די מאדאם ליס־באראן וויעדערהאלט די ערשטע פראזע, ענדיגענדיג איהרע פראגמענטארישע עראינערונגען.

— זאגט: א נארישע צייט! האט זיך אנגערופען איינער פון די געסט, דאקטאר האלצמאן, און האט פערראויכערט א סיגאר...

— מען קען ניט וויסען! — האט דער הערר ליסבאראן נאכדענקענדיג בעמערקט — אלענפאלס — האט ער זיך גע־ווענדעט צו זיין פרוי, ביזטו — סארא, א שעהנע נשמה און ביזט ווערט א קוש —

וואס ער האט גלייך ערפילט.

# א שפיעל.

ווי א שווארצער ראָב האָט די רעאַקציע פערשפּרייט די פליגעל אויף אלץ, וואס האָט געלעבט און געקעמפּפט. ביי די בעסטע און מוטהיגסטע רעוואָלוציאָנערע העלדען האָבען זיך די הענד אראָבגעלאָזט און פיעלע פון זיי האָבען געמוזט אויס־וואנדערן, צולויפען אין פרעמדע לענדער, ווער מיט דער האָפ־נונג צו קומען צוריק אין בעסערע פרייערע צייטען און ווער פול מיט יאוש און פערצווייפלונג.

צו די לעצטע האָט געהערט חיים גרויסמאן, וועלכער האָט געארבייט אין דער בעוועגונג ביי א יאהר צעהן — פון זיין צוואנציגסטען ביז דרייסיגסטען יאהר; ניט איין באריקאדע האָט ער אויף די ווארשעווער גאסען אויפגעשטעלט, ניט איין פלאג האָט ער אויף די הייזער ארויסגעהאנגען, און ניט איינ־מאָל איז ער אין געפאהר געווען דערשאָסען צו ווערען. נאָר דער מוטה און דער גלויבען אין דער הייליגער זאך האָט איהם גע־האלפען שטענדיג ארויס גאנץ, פיזיש און גייסטיג.

אבער אויך ער איז ענדליך ענטמוטהיגט געוואָרען, און דערמאָנענדיג זיך אן אלע זיינע טהאטען, פאר וועלכע עס וואָלט איהם די תליה וועניג געווען, האָט איהם אָנגעכאפּט א שרעק און יעדע נאכט פלעגען איהם קומען צו חלום תלינים, איינגע־הילט אין רויטע קליידער און מיט אויסגעשצירעטע ציינער הויך געלאכט איבער איהם און געשלעפּט איהם ערגעץ אויף א הויכער וואנד... ער איז געקראָכען, געקלעטערט, הויך, הויך, ביז ער האָט דערגרייכט דעם אונגעהייערען הויכען שפּיץ, פון דאָרט איז ער ארונטערגעפאלען און ערוואכענדיג פלעגט איהם א קאלטער

שוויים בעגיסען און די שרעק אויף דער וואך פלעגט נאך גרע־
סער ווערען.

און ווי א שאטען האט ער זיך אין די „בערוהיגטע“ גאסען
געשלעפט, ציטערענדיג פאר יעדען פאליציי־מאן און אין יע־
דער ציוויל־געקליידעטען מענשען — א שפיאן געזעהען...

דאס איינציגע מיטעל איז געווען צו אנטלויפען. אבער
וואונדערבאר, דער זעלביגער גרויסמאן, וואס האט די גאנצע
צעהן יאהר, ארבייטענדיג אין דער בעוועגונג, איבער'ן גרעניץ
געפאהרען בגנבה, האט פלוצים דערפיהלט א גרויסע שרעק אי־
בערצוגעהן די גרעניץ אפילו מיט די בעקאנטע אגענטען, און
אז די נאהענטערע בעקאנטע, אויך געוועזענע קעמפ־
פער, פלעגען איהם פרעגען:

— חיים, וואס וואַרטסטו — אנטלויף! — פלעגט ער
ענטפערן מיט א געמאכטען שמייכעל: — כ'האב איצט מורא!

און פון די אלע געוועזענע העלדען, זיינע בעקאנטע, האט
זיך קיין איינער ניט געפונען, וואס זאל איהם צוגעבען מוטה,
צו פאהרען אויף'ן אלטען אופן, — וואס עס האט חיים'ען
נאך מעהר ענטמוטהיגט, און ווי א חיה אין א שטייג, האט ער
זיך אן איינזאמער ארומגעדרעהט אין דעם גרויסען ווארשוי,
זוכענדיג א טהיר, וואו ארויסצוגעהן פון געפאהר...

---

איינמאל, געהענדיג אזוי פערטראכט אין זאקסישען גאר־
טען, וואו אויף יעדען ווינקעל איז א זשאנדארעם געשטאנען,
איז צו חיים'ען צוגעגאנגען העניך בורזשוי, א זוהן פון גביר־
ישע עלטערן, וואס איז אבער אין דער צייט פון דער רעוואלוציע
טהעטיג געווען און האט זיך גוט פערטראגען צו חיים'ען,
און אנרופענדיג איהם אין א ווינקעל איהם בסוד געפרעגט:

— חיים, ווילסט פאהרען כשר קיין אויסלאנד?

— דו פרעגסט נאך? — האט זיך יענער אנגעכאפט...

— אלזאָ, הער אוים, מיין שוועסטער אידע פֿאַהרט צו איהר מאַן סענדראָוויטש קיין בערלין. דער אויסלענדישער פּאַס איז געמאכט פאר זיי ביידען, ער איז אָבער פריהער אוועקגע־פֿאַהרען... קענסט פֿאַהרען אויפ'ן פּאַס אלס איהר מאַן...

פאר חיים'ען האָט גלייך א בליץ געטהאָן די שווארצע אויגען, און דאָס גאנצע חן'עוודיגע געזיכט פון אידע'ן, וועלכע ער האָט גוט געקענט און מיט וועלכע ער האָט אין דער רעוואָלוציאָנס־צייט גערעדט בלויז וועגען קאמפּפס־אנגעלעגענהייט. איצט דערהערענדיג, אז זי האָט שוין א מאַן, האָט איהם ווי עפּעס א ריהר געטהאָן דאָס הארץ, און בלאָס ווערענדיג פאר אויפרעגונג, האָט ער שנעל געענטפערט:

— יאָ, יאָ! איך וועל פֿאַהרען אלס איהר מאַן... און זעהענדיג ווי העניך קוקט איהם אָן ווי פערדעכטיג, האָט ער צוגעגעבען:

— איך וועל ניט אריינפאלען...

— העניך, א גוט־מוטהיגער יונגער בחור, האָט איהם א קלאַפּ געטהאָן אין פּלייצע און געזאָגט:

— דו — אריינפאלען!... עט, דערפאר האָבען מיר שוין קיין מורא ניט.

און אָברעדענדיג וועגען דער צייט פון דער רייזע, וועלכע איז אויסגעקומען אין א וואָך ארום, זיינען זיי זיך צוגאַנגען.

די דאָזיגע וואָך האָט זיך ביי חיים גרויסמאַן געצויגען ווי א יאָהר... אבער ניט דערפאר, וואָס ער האָט געוואָלט וואָס גיכער בעפרייט ווערען פון דעם שרעק, וואָס ער לעבט דורך אין ווארשוי, נאָר אויס נייגירדע צו פֿאַהרען אלס א מאַן פון דער ליעבער, שעהנער אידע'ן... עפּעס איז איהם די דאָזיגע בלומרש'טע שפּיעל זעהר ערנסט אויסגעקומען, און ליגענדיג אין זיין צימער, וועלכער האָט זיך געפונען אין א פערוואָרפענעם ווינקעל, האָט ער זיך פאָרגעשטעלט דאָס שעהנע געזיכט פון סענדראָוויטש'עס יונגע ווייבעל אידע, וועלכע וועט

זיך באַלד געפונען אין זיין, חיים׳ס שויץ און אַ ציטעריגע, אַ נייע ביינקעניש האָט אַנגעפּילט דאָס האַרץ זיינס...

— ברוך סענדראַוויטש... ברוך סענדראַוויטש... האָט ער גע׳חזר׳ט יענעמס נאָמען, כדי ניט אַריינצופאַלען אויף דער גרעניץ, און די גאַנצע וואָך חזר׳ענדיג אַזוי, האָט זיך איהם געגומען דוכטען, אַז פון איצט אָן איז ער אויס חיים גרויס־מאַן, קעמפּפער און רעוואָלוציאָנער, נאָר ברוך סענדראַוויטש, אַ סטודענט פון בערלינער אוניווערזיטעט, אַ בלאָנדין פון 25 יאָהר, וועלכען די שעהנע אידע האָט אַזוי ליעב...

די וואָך איז אַריבער.

— אַלזאָ, אָט האָט איהר אייער ווייבעל! — אַזוי האָט זיך געווענדעט צו חיים׳ן אידע׳ס פאָטער, אַ הויכער ברייט־ביינינגער איד, מיט אַ שעהנער ברייטער באָרד און גאָלדענע ברילען אויף דער אַריסטאָקראַטישער נאָז...

חיים׳ען איז פון די דאָזיגע ווערטער אַ זיסע וואַרימקייט צוגאַנגען איבער אַלע גליעדער; פערשעמט האָט ער אַנגעקוקט די שלאַנקע אידע, וועלכע איז שוין געשטאַנען רייזע־פערטיג און האָט ליעבליך געשמייכעלט צו חיים׳ען...

— איהר זאָלט זי היטען! האָט זיך אויך פון איהר זייט געווענדעט אידע׳ס מוטער, אַ פרוי פון אַ יאָהר 50 אין אַ שווארצען קלייד, מיט אַן אַריסטאָקראַטישען אויסזעהן.

— ווי די אויג אין קאָפּ! — האָט חיים בעגייסטערט אויסגערופען און האָט זיך גלייך פערשעמט פאַר דער דאָזיגער היציגער פראַזע...

— פאַרגעסט נאָר ניט, אַז איהר זייט ברוך סענדראַוויטש! האָט אידע פון איהר זייט ליעבליך געשמייכעלט, אַנקוקענדיג חיים׳ען זעהר פריינדליך!

— א, דאס געדיינק איך שוין צו גוט! — האט חיים וויע־דער זיך ארויסגעכאפט מיט היטץ...

— אט האט איהר דעם פאס און איך בין אונטער אייער שוץ! — האט אידע זיך אנגערופען, איבערגעבענדיג דאס בי־כעלע חיים'ען.

חיים האט עס זארגפעלטיג אריינגעלעגט אין טאש און מיט ליעבענדע בליקען אנקוקענדיג אידע'ן, האט ער זיך ארויסגע־כאפט:

— עס איז ווירקליך מיר זעהר אנגענעהם...
אויף וואס ער האט גלייך חרטה געהאט...

---

ביז דער גרעניץ האט דער צוג געהאט צו מאכען דריי שטונדען רייזע. חיים איז די גאנצע צייט געזעסען מיט אי־דע'ן און וועלענדיג ווערען מיט איהר נעהענטער, האט ער זיך פלוצים צו איהר געווענדעט:

— איך רעכען, אז כדי עס זאל ניט פאלען א פערדאכט, וואלט איך אייך אין דער צייט פון דער רייזע געזאגט דו. דאס זעלבע איהר מיר...

נאך דער דאזיגער קורצער, פראקטישער פארלעגונג איז ער רויט געווארען און געווארט מיט הארץ־קלאפעניש אויף איהר צושטימונג.

— ווייס איך — האט זי זיך געקוויינקעלט. — אין דער העכערער געזעלשאפט איהרצען זיך מאן און ווייב...

— ביי אונז קען עס אבער זיין פערדעכטיג... איך מיין, אז „דו" וואלט געווען צוועקמעסיגער... איז חיים דרייסטער גע־ווארען.

זי האט ענדליך דעם פארשלאג אנגענומען.

צום אונגליק אבער האט חיים ניט געפונען קיין געלעגענ־הייט אויסצוניצען דעם גליקליכען „דו".

ער האָט געזוכט א געלעגנהייט. ער האָט ארויסגעקוקט אין פענסטער פון וואגאָן. די זון, פערגעהענדיג, איז אין א רויט־בלוטיגער קויל געהאנגען הינטער א געדיכטען וואלד און האָט בעגילדעט די שפּיצען בוימער מיט איהר אָבשיין. דאָס בילד האָט חיים'ען ענטציקט און ער האָט אויסגעשריען:

— אידע, גיב א קוק, ווי שעהן!

אידע האָט זיך אויפגעשטעלט, ארייגעקוקט דורכ'ן פענס־טער און זיך אָנגערופען:

— ווירקליך.

חיים איז געשטאַנען הארט נעבען איהר און אנשטאָט צו קוקען אויף דער פערגעהענדער זון האָט ער זיינע בליקען איינגעדרונגען אין דעם ליעבען געזיכט פון אידע סענדעראָ־וויטש און איז טרויעריג געוואָרען.

אין איין אויגענבליק איז די זון ניט געוואָרען, ווי דער שווארצער וואלד וואָלט זי פארשלונגען... זיי האָבען זיך אוועק־געזעצט און אידע האָט זיך אָנגערופען:

— איהר ווייסט..

— „דו ווייסט" — האָט איהר חיים פערבעסערט — מען קען ארייגפאלען...

— עט, האָט נישט קיין מורא! — האָט זי זיך איינגע־עקשנ'ט... איהר ווייסט אז באלד איז שוין די גרעניץ.

— דעסטאָ מעהר דארף מען פאָרזיכטיג זיין! אלזאָ, וואָס זאָגסטו, אידע...

אידע האָט גוטהערציג געשמייכעלט און האָט געענטפערט:

— אויב איהר ווילט זיך שפּיעלען, מיט'ן גרעסטען פער־געניגען!

און פרעהליך ווערענדיג האָט זי פאָרטגעזעצט:

— איך זאָג, מיין טהייערער סענדראָוויטש, אז באלד איז די גרעניץ...

— נו איז וואס, אידע־לעבען! האט ער צוריק געשמייכעלט און אנגענומען איהר קליינע סאמעטענע הענטעל...

זי האט די האנד ניט ארויסגענומען. דאס האט חיים'ען דרייסטער געמאכט. ער האט זיך צוגערוקט צו איהר נאהענט, גאנץ נאהענט און געפליסטערט:

— דו ביזט א זיסע ליעבע קינד...

זי האט איהם אנגעקוקט מיט איהרע גרויסע, שווארצע אויגען און געשוויעגען...

---

ענדליך איז דער צוג אנגעקומען אין אלעקסאנדראווע, די גרעניץ סטאציאן. אין וואגאן האט זיך בעמערקט א נערוועזע בעוועגונג: א הויכער זשאנדארם מיט שטרענג - פערדרעהטע וואנסען איז אריין, און ווענדענדיג זיך מיט איין בעפעהל צו אלעמען, האט ער געשריען:

— די פאספארטען!

חיים גרויסמאן האט שנעל ארויסגעכאפט דעם פאספארט און דערלאנגט.

— א ווי (און איהר)? האט דער זשאנדארם זיך געווענדעט צו אידע'ן.

— עטא מאיא זשענא (דאס איז מיין ווייב) האט ער פאר איהר געענטפערט.

— חאראשא! — האט דער זשאנדאר מסכים געווען...

און מיט דער הסכמה איז חיים זעהר צופרידען געווען.

דער זשאנדאר צונויפנעהמענדיג די פעסער איז ארויס, פערשליסענדיג הינטער זיך די טהיר פון וואגאן.

— איצטער זיינען מיר באמת מאן און ווייב! — האט חיים העכסט אויפגערעגט אריינגעפליסטערט אידע'ן אין אויער.

— יא, יא! — האט אידע איינגעשטימט.

די איינשטימונג האט חיים'ען גליקליך געמאכט... ער האט זיך דרייסט געווענדעט צו איהר מיט א צערטליכער שטימע:

— ווילסט אפשר עפּעס עסען?

זי האָט א שמייכעל געטהאָן און גוטהערציג געענטפערט:

— איך ניט, אפשר ווילט איהר? — אפשר ווילסטו, מיין ליעבער?... האָט זי פעררירכט.

— יע, איך וויל טאקע עפּעס עסען:

ער האָט זיך אויפגעשטעלט, אראָבגענומען פון אויבען איהר קליינעם רייזע־טאַש אין וועלכען עס האָט זיך געפונען דאָס עסענווארג און האָט איהר דערלאַנגט.

זי האָט אויפגעעפענט און ארויסגענומען די שפּייז, וואָס איהר מוטער האָט פאר איהר דאָרט אַנגעגרייט.

— לעבען זאָל מיין גוטע מאמע! — האָט אידע עסענ־דיג געבענשט איהר מאכען און איהרע גרויסע אויגען זיינען נאָך גרעסער און שווארצער געוואָרען...

— עס סענדראַוויטש! — האָט זי זיך געווענדעט צו חיים׳ן.

— יאָ, מיין טייבעלע, איך וועל עסען...

זי האָט זיך הויך צולאכט...

— איהר זיינט אַן ארטיסט! — האָט זי איהם אריינגע־שושקעט אין אויער...

— ווארום? — האָט ער געפרעגט...

— אך, מיין גאָט! איז זי כלומרשט בייז געוואָרען פאר וואָס ער פערשטעהט ניט און האָט זיך גענומען צום עסען...

באלד אָבער איז אריין דער זשאַנדאַר שויז צוזאמען מיט אַן אָפיציער און האָט פערטהיילט צוריק די פּעסער.

— ברוך סענדראַוויטש!

— יאָ! — האָט זיך גרויסמאן אַנגערופען אביסעל אויפ־גערעגט.

דער אָפיציער האָט איהם אַנגעקוקט, דערלאַנגט דעם פּאַס און זיך געווענדעט צו אידע׳ן:

— א ווי (און איהר?)

— מאַי מוזש... (מיין מאַן) — האָט זי געענטפערט אַנ־ווייזענדיג אויף חיים'ען.

— פּרעקראַסנאַ! — האָט דער אָפיציער גוטמוטהיג איינ־געשטימט...

און חיים גרויסמאַן, פערגעסענדיג אַן דער רעוואָלוציע, אַן די באַריקאַדען, אַן דער שנאה צו דער אַרמיי, איז אין האַרצען געווען דאַנקבאַר דעם דאָזיגען יונגען אָפיציער, און אין אַ ווײַלע אַרום, אַז דער זשאַנדאַרם מיט'ן אָפיציער זיינען אַרויס, האָט ער זיך אָנגערופען:

— פאַראַן דאָך צווישען זיי אויך גוטע מענשען...

— אַזאַ יאָהר אויף זייערע קעפּ! — האָט אידע ניט גע־וואָלט מסכים זיין, וואָס עס האָט חיים'ען פערדראָסען...
הער צוג האָט זיך גענומען ריהרען.

— שוין נאָכ'ן גרעניץ! — האָט אידע פרעהליך אויסגע־רופען.

— פון דעסטוועגען זיינען מיר נאָך אַלץ מאַן און ווייב... „פּרייסען" איז ניט בעסער פון פּאַניען... מיר מוזען זיך נאָך אַלץ „דוצען".

— דוצען איז דוצען! — האָט אידע גלייכגילטיג אָנגע־נומען.

ביי די ווייטערדיגע סטאַנציע איז געוואָרען אַלץ געדרוי־מער און גערוימער. ענדליך איז אין וואַגאָן געבליבען נאָר דאָס פּאָר פאָלק אַליין.

— מיר זיינען אַליין! — האָט חיים אויסגעשריען מיט שמחה.

אידע האָט די שמחה ניט פערשטאַנען. זי האָט חיים'ען קאַלט אָנגעקוקט און געזאָגט:

— איצט קען איך אייך אָנרופען מיט'ן אמת'ן נאָמען. אַלזאָ הערר גרויסמאַן, וואָס דענקט איהר צו טהאָן אין אויס־לאַנד?

— אין אויסלאנד!... איז חיים ווי פערציטערט געוואָרען... אין אויסלאנד...

און ער איז געבליבען שטום, ניט האָבענדיג וואָס צו ענטפערן.

און דערמאָהנענדיג זיך, אז דער שפּיעל איז שוין איצט אויס און עס פאנגט זיך אָן דאָס אמת'ע, דאָס ווירקליכע, דאָס טרויעריגע, אז באלד קומט דער אמת'ער סענדראָוויטש, וועלכער וועט דאָס דאָזיגע שעהנע וועזען אלס זיין אייגענס צונעהמען, און ער, חיים, וועט זיך לאָזען בלאָנדזשען אין די בערלינער גאסען עלענד און אליין, — דערמאָנענדיג זיך אָן דעם אלעם האָט איהם ערגריפען א דונקעלע שרעק, אַן אנגסט פאר דער לאנגער צוקונפט...

ער האָט אריינגעקוקט אין פענסטער. די נאכט איז געווען שווארץ. נאָר וואו ניט וואו האָט זיך פארביי געטראָגען א ליכט, א ווייטער שיין, — פארבייגעטראָגען און פערלאָשען...

# אהיים.

זיי זיינען ביידע פון דער פּראָווינץ, בעקענט האָבען זיי זיך אין ווארשע און נאָך א קורצע צייט בעקאנטשאפט זיינען זיי זיך צונויפגעגאנגען אין די אידעאלען און זיך בעזעצט צוזאַמען אין א קליין פינף־רובעלדיגען צימערל אויפ׳ן פירטען שטאָק.

קיין מאן און ווייב זיינען זיי ניט, חתן־כלה אויך ניט. גיכער שוועסטער און ברודער און אפשר — חבר און חבר׳טע.

אפשר וועלען זיי אמאָל, פאר צוויי עדות, אויך פון בעקענטע, זיך פערבינדען אויף אייביג, נאָר דערוויל טראכטען זיי דערפון ניט. עס איז דאָ בילכערע זאכען אויף דער וועלט.

זיי ארבייטען צוזאמען פאר איין אידעע. די ארבייט איז א היילינע און ווי אלץ וואס הייליג — א שטרענגע און טריבע.

און דאָך, אז זיי געלינגט אמאָל דורכצופיהרען א זאך, וואס ברענגט גרויסע נוצען דער וועלט, ווערען זיי אביסעל לייכטזיניג, און ערלויבען זיך אביסעל צו לאכען.

און אז זי לאכט, ווייזען זיך ביי איהר צוויי רייהען ווייסע צייהנער און די שווארצע אויגען ווערען שווארצער און פינקלענדיגער, דאמאָלסט געהט ער צו איהר צו, לעגט איהר ארויף די האנד אויפ׳ן פלייטשע און גיעט איהר איין קוש אין די ליפען.

סך הכל איין קוש!

אויף מעהר איז קיין צייט ניטאָ און קיין געדולד. ראָמאנטיש זיין פאסט ניט. אפשר ביי דער נייער אָרדנונג — יאָ.

און זי, א דערפרישטע פון זיין קוש, אבער צוריק איין

ערנסטע, און ער, ווי א בעל תשובה, נעהמען זיך צוריק צו דער הייליגער ארבייט.

זיי לעבען ארים, האלב הונגעריג, נאר רעדען דערפון רעדט מען ניט. די קינפטיגע מענשהייט וועט בעסער לעבען. די דאזיגע צייט נעהענט זיך. אין זייער שטילען צימעריל הערט זיך שוין די טריט פון דער דאזיגער צייט.

און ביי דער מוזיק פון אזוינע טריט איז געגוג ברויט מיט טיי...

---

זיי זיינען אידען, אבער זיי ארבייטען פאר אלע, און דע־ריבער האלטען זיי זיך פאר מענשען, זיינען בייז אויף דער נאציאנאלער שטרעמונג ביי אידען און ביי אנדערע פעלקער.

זי גיעט אפילו א מאל א „בענק" נאך דעם שטעדטעלע, נאך דעם רוהיגען שבת און יום טוב, נאך דעם טאטענס טרויעריגע ניגונים, וואס ער זינגט אין א שבת און אין א יום טוב, נאך דער מאמעס וויינענדיגען קול ביין טייטש חומש, — אבער זי זאגט עס הויך ניט ארויס.

מעהר וואלט ניט געפעהלט ווען ער זאל עס הערען.

„בורזואזשנע סענטימענטאליטעט!" וואלט ער גלייך מיט פעראכטונג ארויסגעברומט...

און ער וואלט זיין גערעכט.

און דאך איז געקומען א צייט, ווען אין זייערע הערצער האבען ערוועקט זיך מאדנע געפיהלען.

זיי שעמען זיך איינע פאר די אנדערע זיי ארויס צו זאגען, נאר שטומערהייט פערשטעהען זיי איינע די אנדערע.

דער פריהלינג, וועלכער איז געקומען אין ווארשע בייצייטענס און די זון האט ארייננעשיקט עטליכע שטראהלען אויך אין זייער קאנספיראטיווע צימעריל, האט דערוועקט אין זיי די דאזיגע מאדנע געפיהלען...

—שוין באלד פסח!—זאגט זי ארויס און פערשעמט זיך.

ער אַבער זאָגט איהר גלייך גאָרנישט דערויף... ער זינגט עפּעס אונטער א ליעדעלע, אַן אַלט ליעדעל, וואָס קלינגט אין צימעריל אזוי ניי און ליעב...

— אין דערהיים ביי אונז באַקט מען שוין מצה! וואָגט זי פאַרצוזעצען איהרע געפיהלען.

— יאָ! יאָ! ענטפערט ער שוין, און פערטראַכט זיך, קוקענדיג אין פענסטער, פון וואַנען ער זעהט גרויסע דעכער און א קליין שטיקעל ריינעם הימעל.

— הער, זאָגט זי צו איהם שוין גאָר מוטיג! — אויף פּסח וועל איך פאָהרען אהיים...

— נו־נו! — בייזערט ער זיך, אבער מיט א געמאַכטען טאָן.

— איך וועל פאָהרען! עקשנט זי זיך.

— דו האַלסט אזוי שטאַרק פון דעם אידישען פּסח! — מוסרט ער איהר.

— איך האַלט, צי ניט — עס ציהט!

— א, דו באַבע! — לאַכט ער פון איהר. עס ציהט! א ניי וואָרט געפונען, רומהייטען!

— פאָלג מיר, פאָהר אויך! — האַלט זי זיך ביי איהרס.

— משוגע! וואָס דיר קען איינפאַלען!

ער וואַרפט די בליקען איבער'ן קליין צימעריל, ער זעהט א טישעל מיט א סך דיקע ביכער, פּאַפּירלעך, א טינטער, א הענטעל מיט א פערזשאַווערטער פעדער, אונטער'ן טישעל — א פערדרויכערטע טיי־מאַשינקע. געגען איבער צוויי אייזערנע איינגעפאַלענע בעטליך...

— ס'איז ניטאָ קיין צייט! — רופט ער זיך פּלוצים אָן, און קוקט אין פענסטער אויפ'ן שטיקעל הימעל...

— פאָלג מיר לאָמיר פאָהרען! געהט זי צו איהם צו און גלעט איהם איבער'ן קאָפּ.

פונקט אזוי האָט איהם די מאַמע אמאָל געגלעט, ווען זי פלעגט איהם שלאָפען לעגען.

— פאָהרען, זאָגסטו, הא? פאָהרען?... פרעגט ער מיט אן אונגעוועהנליכער ווייכקייט.

— ניט אנדערש פאָהרען! — רופט זי אויס מיט א שטראַהלענדען פנים, בעמערקענדיג זיין פערענדערונג.

— נו, און מיט וואָס?

— איך וועל אלץ פערקויפען...

— וואָס ועסטו פערקויפען?

— וואָס? פרעגסטו — אלץ! איך פערקויף „קאַפּיטאַל מארקס", איך פערקויף „באַנדאַנאַוו'ס עקאָנאָמיע", איך פער־קויף איסאַייעוו'ס, מיהאַלאָווסקע'ס... איך פערקויף זיי אלע!

— און אהיים אויף פסח... לאַכט ער וויעדער.

— און אַהיים אויף פסח! — ענטפערט זי מיט פלאַמענדע אויגען.

— נו, נו, שטימט ער, שמייכלענדיג, איין — פערקויף זיי און מיר וועלען ביידע פאָהרען...

# דער לעהרער.

דער אידישער לעהרער, בערקסאָהן, א הויכער דארער בריי־ נעט אין אן אלטען אויסגעריבענעם פאלטאָ, איז אריין דורכ׳ן „שווארצען אריינגאנג“ אויף דער לעקציע צו הערךן גראָססמאַן.

אין קיך איז געזעסען די דיענסטמיידעל, לאָה, און האָט געארביים. דער לעהרער האָט איהר שטיל געזאָגט: „גוט מאָר־ גען“. זי איז רויט געוואָרען, האָט איהם געוואָלט פריינדליך ענטפערן, נאָר איידער זי האָט זיך צוגעקליבען, איז ער שוין אריין אין מאשעס צימער.

— א מאָדנער לעהרער! — האָט לאה געטראכט, בלייבענ־ דיג ווידער אליין אין קיך — עס געהען אהער איבער פאר א טאָג פינף לעהרער און אלע געהען דורכ׳ן „פאראדנעם אריינ־ גאנג“. און ער געהט דורכ׳ן קיך — עס פלאמט מיר דאָס פּנים... עס ווייזט אויס, אן איידלער יונגער מאן, און איהם ארט דאָס גאָר ניט. ער מוז זיין, קענטיג, נישט קלוג: ער פער־ שטעהט ניט, אז דערמיט פאלט ער אין דעם „הערדם“ אויגען. מילא די מאדאם איז דאָך א שטיק פלייש, זי פערשטעהט דאָך גאָר נישט... איך וואָלט מיך נישט געשעמט, וואָלט איך עס איהם געזאָגט... א גאנץ וואוילער מענש — זאָגט: „גוט מאָר־ גען“... ניט ווי אן אנדערער, — קוקט ניט אפילו אין יענע זייט...

לאה בעשליסט זיך, אז זי וועט איהם זאָגען, ער זאָל ניט געהען דורכ׳ן קיך, באלד אבער בעדענקט זי זיך, אז עס פאסט ניט. און זי רעדט ארוים פאר זיך:

— וואס ארט עס מיר, פון וואנען ער געהט... א דאגה מיינע! איך האב גרעסערע זארג — נאך די קאטלעטען ניט צור האקט...

לאה נעהמט זיך צוהאקען די קאטלעטען. זי פערטיעפט זיך און לייגט אריין איהרע אלע געדאנקען דעריין, נאר פון זאל דערהערט זיך דעם לעהרער׳ס קול — ער בייזערט זיך אויף מאשען, לאה׳ס געדאנקען נעהמען אן אבוועגדונג. זי פער־טראכט זיך וועגען נאר אנדערש:

— פינף לעהרער א טאג, וועה צו מיר! וואו נעהמט זיך דאס ביי זיי. געלד קאסטען אפ די קינדער. אפילו פיאנע שפיע־לען לערנט מען זיי... עס איז זיי פרעהליך אויפ׳ן הארצען. מיין קאפ־וועהטאג זיי, רבונו של עולם!...

— „אם — א מוטער" — דערהערט זי ווי דער לעהרער ערקלעהרט מאשען.

— וועה צו מיר, דערמאנט זי זיך פלוצים — נאך קיין בריוועל אהיים ניט אנגעשריבען שוין צוויי וואכען. די מאמע וועט דארטען ניט וויסען, וואס איבערצוקלערען. איך קלויב זיך אלץ צו בעטען עמיצען אנשרייבען און פערגעס מיך — מלאכה, ווי האלץ, הייגט בלי נדר, דארף מען עמיצען בעטען אנשריי־בען... וועט קאסטען א צעהנעריל...

זי בערעכענט, וואס זי וועט הייסען שרייבען. ערשטענס, דארף מען איהר שרייבען, אז איך האב געמאכט א ניי קליי־דעל און עס געהט זעהר צו מיר. צווייטענס, אז די ווירטהין איז א מרשעת, נאר איך שטעל איהר אוים דריי פייגען, זי וועט נאך ניט קריגען אזא קעכין ווי איך... ווייטער דארף מען איהר שרייבען וועגען דעם יונגען שניידער, וואס שדכנ׳ט זיך צו מיר...

ביי דעם דאזיגען געדאנק ווערט זי רויט.

פע, דאס וועט זי ניט הייסען שרייבען... מיאוס... אט ווען זי וואלט אליין געקענט שרייבען, וואלט זי וועגען דעם א סך

געשריבען: אלץ, אלץ... א מאמען מעג מען אלץ אויסשרייבען. א מאמע איז ניט קיין מאדאם, א מאמע, נישקשה, וועט ניט לאכען...

„אז מען קען אליין שרייבען, איז א מחיה — קלערט זי ווייטער — וואס מען וויל און ווען מען וויל, און מען דארף קיין „לאסקעס" ניט האבען. נאר שוין פערפאלען — זיפצט זי— שוין שפעט".

זי נעהמט זיך ווידער צו דער ארבייט. אבער שוין מיט ווענינער חשק: דער קאפ איהרער איז פול מיט'ן בריעף, וואס ניט אלץ וועט זי קענען דורך א פרעמדען אויסשרייבען, דאס, וואס זי מוז שרייבען וועט בלייבען ביי איהר טיעף אין הארצען און נאך מעהר דערמיט, וואס זי וועט שוין קיינמאל, קיינמאל ניט קענען שרייבען...

זי ארבייט און זיפצט.

די לעקציאן האט זיך געענדיגט. דער לעהרער נעהט שוין ארויס, ער וויל עפענען די טהיר, נאר דער פעררוקער האט זיך עפעס פערהאלטען, און ער קען ניט עפענען. לאה לויפט געשווינד צו און שמייכעלט:

— מען האט, קענטיג, דא אייך אזוי פערגעבען, אז איהר טרעפט די טהיר ניט. אט שוין!

— א דאנק! — שמייכעלט דער לעהרער.

„א זעלטענער מענש", — טראכט לאה, — און ווי א בליץ לויפט איהר דורך אין קאפ טאקי איהם בעטען א בריעף אנצושרייבען, נאר איידער זי וויל עס ארויסרעדען גיט ער זיך א גויג און פערשווינדט איילענדיגערהייט. — מארגען וועל איך איהם בעטען, בעשליעסט זי.

---

אויף מארגען, פאר דער העברעאישער לעקציע, האט לאה געזעהן ווי די מאדאם מיט מאשען טהוען זיך אן אויף ערגיץ

אוועקצוגעהן. דאס הארץ האט אין איהר אנגעהויבען צו זינ־
גען פאר פרייד. „מיט א קלאג אין די הייזער!" — האט זי זיי
אין געדאנקען צוגעוואונשען. זי איז געווען צופריעדען, וואס זי
וועט קענען אונגעשטערט בעטען דעם לעהרער, שרייבען איהר
א בריעף.

אז די מאדאם מיט דער צוועלפיעהריגער מאשען זיינען שוין
פארטיג געווארען, איז די ערשטע צוגעגאנגען צו לאה'ן און האט
געזאגט.

— אז דער אידישער לעהרער וועט קומען, זאלסטו איהם
זאגען אז מאשע וועט זיך היינט ניט לערנען, זי געהט מיט
מיר אין געסט. זאל ער ניט ווארטען, ער וועט די לעקציע אוועק־
געבען אין א ליידיגער צייט.

— זאג איהם, האט מאשע פיעסטענדיג זיך, אונטערגעהאל־
פען, אז ער זאל גלייך אוועקגעהן. אויך מיר א לעהרער!

— ניט געפעליע... — האט לאה געוואלט איבערקרימען
די נארישער צולאזענער מאשען, וועלכער זי האט אין הארצען
אמת פיינד, נאר זי האט זיך איינגעהאלטען.

— אז אך און וועה — האט לאה נאך זייער ארויסגאנג
געפיליזאפירט — זי לאכט פון לעהרער, — יענער איז א זייד!

מיט אונגעדולד האט זי געווארט אויף דעם לעהרערס קו־
מען. זי איז אלע ווייליע ארויסגעגאנגען אויף די טרעפ זעהן,
צו געהט ער.

און אז דער לעהרער האט די טהיר געעפענט איז זי איהם
בעגאנגען אקעגען, ווי צו אן אלטען בעקאנטען און האט מיט
א ליעבען שמייכעל געזאגט:

— אומזיסט אייער טרחה!

— וואס איז?

— מאשע איז אוועקגעגאנגען מיט דער מאדאם צו געסט
און האבען געבעטען, אז איהר זאלט ניט ווארטען.

דער לעהרער האט פריי אן אטהעם געטהאן.

— א דאגה אייך — האָט לאה געשמייכעלט — וועט איהר האָבען א לעדיגע שטונדע.

דעם לעהרער איז געפעלען געוואָרען איהר פרעהליכער און דרייסטער טאָן. „זי איז שוין ניט קיין באבע“! — האָט ער געטראכט — „קליגער פאר די מאדאם און שעהנער איז זי אודאי“. אזוי טראכטענדיג, איז ער געבליבען א ווײלע שטעהן אונענטשלאָסען ביי דער טיהר.

— אז איך וואָלט מיך ניט געשעמט, — האָט זיך לאה גע־ווענדט צו איהם — וואָלט איך אייך עפּעס געבעטען.

— אָה, מיט'ן גרעסטען פערגניגען — האָט דער לעה־רער פריינדליך געשמייכעלט — זאָגט וואָס.

לאה האָט גלייך ניט געקענט אויסרעדען איהר בקשה, זי האָט אראָבגעלאָזען די אויגען אויף די ערד, ווי זי וואָלט זיך מיט דער פאָדלאָגע וועלען מישב זיין.

דעם לעהרער האָט די ביטע שטארק פעראינטערעסירט. און ניט ווארטענדיג אויף איהרע דייטליכע ווערטער האָט ער וויע־דער געפרעגט:

— זאָגט שוין וואָס, שעמט זיך ניט.

—א נארישקייט — האָט זי געענטפערט, שוין אויפהוי־בענדיג די אויגען פון דער ערד און פערקוקענדיג זיך אויף א פאָן וואָס איז געהאנגען אויפ'ן וואנד קעגען איהר.

— אויב א נארישקייט, דארף מען טאקי ניט, — האָט דער לעהרער געלאכט.

— איך האָב געוואָלט שרייבען א בריעף צו דער מאמען— האָט זי קוים ארויסגערעדט, רויט ווערענדיג.

— דאָס גאָר! — האָט דער לעהרער אויסגערופען, — און איך האָב געמיינט, גאָט ווייסט וואָס, וואָס זשע האָט איהר זיך אזוי געשעמט?

כ'ווייס?... — האָט לאה שטיל, ווי פאר זיך גערעדט —

מיר דאכט זיך, אז עס איז ניט אזוי שעהן, אז מען דארף אנ־קומען צו א „צווייטען" שרייבען א בריעף.

— אודאי, — האט דער לעהרער שוין ערענסט געזאגט און אזוי ווי צורייצט — אודאי דארף מען אליין קענען שריי־בען, — יעדער מענש דארף קענען, נאר וואס זענט איהר שול־דיג? שולדיג זיינען אנדערע?...

— אנדערע? — האט לאה זיך פערוואונדערט און אויס־געשטעלט די אויגען אויפ'ן לעהרער. — איך בין אליין שולדיג, צו מיין מזל איז שולדיג... איך וואלט האבען מזל, ווי לייטישע קינדער, וואלט מען מיך אויך יונגערהייט געלערנט. ניט אלע, מיין פריינד, ווערען אבער געבארען אין איין מזל, ווער עס האט פינף לעהרער און ווער אפילו ניט איינעם, מסתמא דארף דאך אזוי זיין...

— דארפען דארף אפילו ניט זיין אזוי... — האט דער לעה־רער איראניש געשמייכעלט.

ער האט אבער א קוק געטהאן אויף לאה'ן, ווי טרויריג זי איז געווארען, און זיין הארץ האט געדריקט פאר מיטלייד, „א מענש, און אונוויסענד ווי א בהמה"! — האט ער געטראכט.

און פלוצים איז ביי איהם געבארען געווארען א געדאנק: ער וועט זי לערנען...

— „לערנען זי, לערנען — לערנען! — האט איהם דער געדאנק פול געמאכט זיין גאנצען וועזען.

ער איז בעגייסטערט געווארען פון'ם געדאנק און האט איהם גלייך ארויסגעזאגט:

— איהר ווייסט, אז אויב איהר פוילט זיך ניט, וואלט איהר נאך איצטער זיך אויך געקאנט אויסלערנען שרייבען.

— פוילען זיך? — האט לאה אבגעשלאגען מיט פייער — וואס רעדט איהר? קאכען, וואשען, רוימען א גאנצען טאג פאר פרעמדע פויל איך מיר ניט, און פאר זיך אליין, לערנען זיך

שרייבען וועל איך מיר פוילען? זאגט בעסער — איך האב קיין צייט ניט.

— א גאנצען טאג הארעוועט איהר דען?

— וואס דען האט איהר געמיינט — אומזיסט דען נעהמט מען געלד?

דער לעהרער האט זיך פערטראכט, האט א זיפץ געטהאן, פערקנייטשט דעם שטערן און האט ענדליך געפרעגט.

— אפילו א שעה אין טאג קענט איהר ניט אברייסען?

— איך וועל אייך זאגען דעם אמת — האט לאה טרוי־ריג געענטפערט — א שעה אין טאג וואלט איך, ווי עס איז גע־קענט אברייסען, נאר דער קאפ מיינער איז מיר ניט דערביי און די הענד וועלען גאר ניט געהן, מען האט דאס גאנץ לעבען צו טהאן מיט טעפ און לעפיל, מיט א בעזעם און נאך אזעלכע גראבע ארבייט.

— נישקשה: איך וועל אייך אויסלערנען — האט דער לעה־רער איהר פערזיכערט — א מענש איז ניט קיין חיה:

— אויב איהר ווילט אזוי פריינדליך זיין און לערנען מיך, וועל איך מיט׳ן גרעסטען פערגניגען... א קלייניגקייט קענען שרייבען!... איך בין אזוי מקנא, ווער עס קען שרייבען...

דער לעהרער האט בעמערקט, ווי איהר שטים ווערט פער־שטיקטער און אין איהרע אויגען האבען זיך טרעהרען בעווי־זען.

„ארימע מענשען" — האט ער געטראכט — אזעלכע קליינע פערלאנגען פאר אזעלכע שווערע ארבייט!... און דאס ווערט נאך אויך ניט ערפילט — אונדאנקבארע, מאוסע וועלט!".. ער האט געפיהלט זיך, ווי שולדיג קעגען איהר און האט געזוכט ווערטער צו פערגלעטען זיין שולד.

— זייט רוהיג, איהר וועט נאך קענען! — האט ער זי געטרייסט — אלע טאג וועל איך אייך לערנען א שעה. ווען האט איהר צייט?

— 10 א זייגער אוועגד קען איך שוין זיין לעדיג — האָט זי שוין אביסעל פרעהליכער ווערענדיג, געענטפערט — וואו וועלען מיר זיך אבער לערנען? דאָ קען איך ניט, די מאדאם וועט זיך בייזערן, זעהר א וואוילע מאדאם, אזא יאָהר אויף איהר...

— איך וואוין אין א בעזונדער צימער — האָט דער לעה־רער פאַרגעלעגט — איהר קענט קומען צו מיר...

לאה איז אביסעל רויט געוואָרען. זי האָט זיך שיער ניט ארויסגעחאפּט:

— „ניין מיר זיינען ניט פון דעם סאָרט דיענסטען". אבער אז זי האָט א קוק געטהאָן אויף'ן לעהרערס פּנים, אריינגע־קוקט אין זיינע טיעפע, שווארצע פערטראכטע אויגען, איז פון איהר יעדער חשד אראָבגעפאלען, און זי האָט איינגעשטימט.

נאָך דעם האָט איהר דער לעהרער דעם בריעף געשריבען. לאה האָט געקוקט, ווי גיך די פעדער איז געפלויגען איבער'ן פּאַפּיר, און האָט זיך געוואונדערט, ווי פון איהר וואָרט, וואָס זי זאָגט ארויס פערשעמט, שטויסט ער זיך אלץ און שרייבט אָן דערפון צעהן ווערטער, און אזוי גלאַט, שעהן, אזוי ווי אין א ביכעל, וואָס מען לייענט שבת.

— הלואי וואָלט איך געקענט חאָטש א הונדערט חלק פון איהם! האָט זי אין הארצען שטיל צוגעוואונשען זיך, און האָט א זיפץ געטהאָן.

---

אויף מאָרגען איז לאה געקומען צו בערקסאָהן אויפ'ן קוואַרטיר. ער האָט זי פריינדליך אויפגענומען, האָט זי אוועק־געזעצט ביי דעם טישעל און האָט אָנגעהויבען צו לערנען.

— די פעדער האלט מען אזוי — האָט ער פערשטעהן גע־געבען — איהר זעהט? — אין די דריי פינגער פון דער רעכ־טער האנד. איהר פערשטעהט?

— איך פערשטעה, — האָט לאה דערשראָקען געענט־פערט. זי האָט גאָר נישט פערשטאַנען, קוקענדיג, ווי דער לעהרער האלט די פעדער אין האנד. איהר האָט זיך געדאכט, אז דאָס איז אזוי שווער, אז זי וועט עס קיינמאָל ניט קענען.

— נו, נעהמט!

זי האָט אריינגענומען די פעדער אין איהרע גראָבע פער־הארעוועטע פינגער. די הענד האָבען זיך איהר געטרייסעלט.

— אביסעל העכער.

זי האָט גענומען העכער.

— אָט אזוי! יעצט פרופט מאכען איין „אלף", איהר זעהט, ווי איך מאך — א האלבע קייקעלע, נאָך דעם א פאס־קעלע.

לאה האָט אוועקגעשטעלט די פעדער אויפ'ן פאפיער און האָט געוואָלט אָנהויבען פיהרען דעם בוכשטאב, נאָר די פעדער האָט זיך אריינגעהאקט טיעף אין פאפיער און האָט זיך בשום אופן ניט געוואָלט א ריהר געבען ווייטער.

— עס געהט עפּעס ניט... האָט זי שעמעדיג געמורמעלט.

— עס וועט געהן — האָט זי דער לעהרער געטרייסט — דריקט ניט אזוי די פעדער, מען דארף נישט מיט כח. אָט אזוי איהר זעהט, — האָט ער איהר געוויזען, צונעהמענדיג די פעדער פון איהר האנד און מאכענדיג אליין אן „אלף".

לאה האָט זיך גוט צוגעקוקט. איהרע אלע פעהיגקייטען פון מח האָט זי אינ'ם קוקען אריינגעלעגט.

זי האָט ווידער גענומען די פעדער און האָט שוין פון אוי־בען געהאלטען און האָט געוואָלט לייכט פיהרען איבער'ן פא־פיער, נאָר די פעדער האָט ביי איהר א שפרונג געגעבען און האָט ניט געוואָלט בשום אופן מאכען דאָס האלבע קייקעלע.

עס איז שווער צוגעגאנגען.

דער לעהרער האָט שיער דאָס געדולד ניט פערלאָרען, און

קיין האלבע קייקעלע ווי עס געהער צו זיין, האט זי נאך ניט געמאכט.

— „היינט א גימל, א לאנגער פא, האט ער מיט שרעק גע־טראכט — היינט אויסלעגען ?... גאט מיינער!

ער איז אומגעגאנגען איבער׳ן צימער מיט גיכע טריט. לאה האט דערווייל געפיהרט מיט דער פעדער.

ער איז צוגעגאנגען א קוק טהאן. איין אלף האט אזוי קא־מיש אויסגעזעהן, אז אויפ׳ן לעהרערס פנים האט זיך בעוויזען א ביטערער שמייכעל.

— שלעכט ! — האט לאה פערצווייפעלט אויסגעשריען— עס געהט נישט — איך וועל ניט קענען ! פערפאלען שוין !...

זי איז געוועזן בלייך, דערשראקען און שטארק אראבגעפא־לען. זי האט געקוקט אויפ׳ן לעהרער מיט בליקען פון א חולה אויף א דאקטאר, ווען דער חולה פיהלט, אז ער האלט שמאל, און ער וויל חאטש זיך טרייסטען מיט דעם דאקטארס פאלשער הבטחה.. דער לעהרער האט עס פערשטאנען און ער האט זי געטרייסט :

— נישקשה, איהר וועט זיך אויסלערנען...

זיין קול האט אבער געקלונגען מיט ספיקות, און לאה האט עס געפיהלט...

— שוין שפעט !... האט זי געזיפצט.

דער לעהרער האט געשוויגען, און לאה האט זיין שווייגען אנגענומען פאר א בעשטעטיגונג, דאס האט זי נאך פערצוויי־פעלטער געמאכט, און זי האט הויך מיט גאל ארויסגערעדט:

— פערפאלען שוין, אומזיסט מיין טרחה, אז מען געפינט זיך פון 10 יאהר אן אין פרעמדע הייזער, אין איידעלע גבירה־שע הייזער, ווערט מען אזוי פערגרעבט, אז מען קען שוין איי־דעלער ניט ווערען... איך וועל שוין ניט קענען שרייבען !... אויף מיר ווארטען אין קיך די טעפ מיט׳ן בעזעם. דעם בעזעם איז מיר לייכטער צו האלטען...

דער לעהרער האַט זי פערשעמט אַנגעקוקט און האַט ניט געפונען קיין ווערטער זי צו בערוהיגען.

— ס'וועט זיין גענוג! — האַט זי אויפשטעהענדיג זיך געווענדעט צום לעהרער — איך דאנק אייך פאר אייער גוט הארץ. איך וועל שוין זעהן שפּעטער מיינע קינדער לערנען שריי־בען... איך בין שויז פערפאלען...

# אָט דאָס איז דאָס.

עס זיינען דאָ אזוי פיעל טעאָריען, אזוי פיעל אנשויאונ־גען, אזוי פ״על וועגען, און מאקס האָט ניט געוואוסט קיינמאל די ריכטיגע טעאָריע, ניט געהאט קיין שטענדיגע אנשויאונג, און וואָס אנבעטרעפט דעם וועג, האָט ער שטענדיג געבלאָנ־דזשעט...

צום ערשטען איז ער געווען א רעוואָלוציאָנער. ער איז דעמאָלט אלט געווען א יאָהר אכטצעהן. גרייט אוועקצוגעבען זיין לעבען און פרייהייט אבי צושטעלען דאָס פעקעל פראָקלאָ־מאָציעס צום געהעריגען אָרט. די אלערליי מינים פראָקלאמאָ־ציעס זיינען געווען געשריבען אין אן ערהאָבענעם טאָן, און מאקס האָט זיי אלע געקענט אויסווענינ. ניט זייענדיג אליין קיין ארבייטער, האָט ער געוואוסט די טרויעריגע זייט פון יע־דער פאך, געקעמפפט פאר פערבעסערונג. ניט האָבענדיג קיין אינערליכע בעציהונג צו די אינטערעסען פון די ארבייטער, האָט ער זיך דאך איינגעשמועסט, דאָ געלאָזט זיך בעאיינפלו־סען, אז זיי, נאָר זיי געהען איהם אָן. די איבריגע מענשען, ניט קיין ארבייטער, זיינען א צוגעשטעפטער מין, וואָס פלאָנטערן זיך סתם אונטער די פיס און וועלכע מען דארף בעזייטיגען...

די דאָזיגע טעאָריע האָט ענדליך געפלאַצט. געוויס האָט ער די ארבייטער לאנגע אויך נאָכדעם גענומען צום הארצען, ביי גרויסע סטרייקען זיך געערגערט און געשטאַנען אויף דער זייט פון די שוואכע. אָבער דאָס אליין האָט איהם שוין ניט אין גאנצען בעהערשט. עס זיינען דאָ נאָך פראגען, וואָס בעאונ־רוהיגען איהם. ווער זיינען בכלל מענשען? וואָס קעמפפען זיי אזוי, אז שטאַרבען וועלען זיי דאך אלע. און אויסער דער

פראגע, וואס איז געווען פון די געפעהרליכסטע, איז דאך דא נאך א פראגע: וואס איז אזוינס גערעכטיגקייט און פון וואנען וויים ער וואו זי ליגנט — אויף וועמעס זייט.

מיט אזוינע פראגען אין קאפ קיהלען זיך די הייסעסטע געפיהלען און מאקס האט דערשפירט אז וואס פולער עס ווערט איהם אין קאפ, אלץ לעערער ווערט אין הארץ... דאס איז צו געפעהרליך!

שפעטער אביסעל האט אין איהם ערוואכט דער מאן. זי האט געהאט בלויע אויגען און איז געווען שלאנק. געווים איז ער פערליעבט. איצט געהט איהם געווים די גאנצע וועלט ניט אן. די וועלט איז זי. ער מוז בעהערשען די וועלט!

ער האט זי בעהערשט.

זי האט זיך געלאזט בעהערשען אזוי לייכט. ער האט זיך קיינמאל ניט פארגעשטעלט, אז ליעבע איז אזוי ניט דויערהאפט. געווים איז זי איהם נאך אלץ אנגענעהם, אבער אט פערגעהט א פאר מאנאט און ער האט מיט איהר ניט וואס צו רעדען, לחלוטין גאר נישט!

ניין, ליעבע איז ניט דער עיקר!

מען דארף ווייטער זוכען, זוכען.

די וועלט איז דאך אזוי גרויס און דערווייל איז ער נאך פריי. ער קען נאך וועהלען. ענדליך וועט ער דאך געפינען דאס ריכטיגע. דאס וואס איז אבסאלוט אמת.

און מאקס האט געגומען וואנדערען פון איין לאנד אין דעם צווייטען, פון איין וועלט טייל אין דעם צווייטען. ער האט געשטיגען אויף בערג, געפאהרען אויף שיפען; אך, עס איז דאך אלץ ניט דאס...

ענדליך איז ער מיעד געווארען, זיך בעזעצט אין א שטאדט. דארט א שטעל געקראגען און אנגעהויבען צו לעבען ווי אלע.

ער האט זיך אבער ניט צופריעדענגעשטעלט, געווארט אלץ אויף עפעס, וואס דארף נאך קומען און וועט מוזען קומען.

דאס ריכטיגע, דאס שטענדיגע, דאס וואס בערוהיגט דעם גייסט, ער זאל ניט רופען ערגעץ אנדערש...

און דערווייל האט זיך מאקס ווידער פערליעבט, דאס דאזיגע מיידעל איז שוין געווען גאר אן אנדערס. גלייך האט זי אנגעהויבען רעדען פון תכלית.

— יא, מאקס, מיר וועלען אין גיכען חתונה האבען...

— געוויס...

און די ערשטע צייט נאך דער חתונה האט ער אלץ ניט גע־גלויבט, אז ער איז שוין פערטיג. צו עפעס האט נאך איהם גע־צויגען. איהם האט זיך ניט געגלויבט, אז דערמיט איז שוין אלעס געענדיגט. וואו איז דער ציעל? דאס לעבען איז דאך ניט אזוי איינפאך.

---

איינמאל איז ער געקומען אהיים. דאס יונגע ווייבעל האט איהם בעגעגענט מיט אן אונרוהיגען אבער גליקליכען שמייכעל און האט זיך גלייך אוועקגעלעגט אין בעט.

אין אייניגע שטונדען ארום איז אין הויז געווען א דאקטאר, אן אקושערקע. זיי האבען געגעבען בעפעהלען און מאקס איז געווען געהארכזאם, ווי א קינד.

באלד האט זיך דערהערט א געשריי. עפעס אן אנזאג. מאקס האט זיך אנפאנגס דערשראקען, באלד אבער איז ער צו זיך געקומען, צוגעלאפען צום בעט, ארויסגעפאלען דער פרוי אויפ'ן האלז און זיך קוים איינגעהאלטען פון וויינען.

— איהר זייט געווארען א טאטע! — האט דער דאקטאר, פון זיין זייט איהם גוטמוטיג אנגעזאגט.

מאקס האט זיך אויפגעשטעלט, צוגעגאנגען צום פענס־טער און ארויסגעקוקט אין דרויסען. א פערד האט געשלעפט א שווערען וואגען און א מאן איז הינטען נאכגעגאנגען און גע־שטופט. די גאס האט גערוישט און געהאוועט, געארבייט פאר עפעס, וואס האט א וויטען און אונבעוואוסטען ציעל.

אבגעהענדיג צוריק פון פענסטער, איז מאקס שטעהן גע־בליבען אין מיטען צימער. ווידער צוגעגאנגען צום בעט, וואו די קינפעטארין איז געלעגען מיט א בלאסען געזיכט און מיט א גליקליכען שמייכעל אויף די בלוטלאזע ליפען.

מאקס האט זיך אנגעבויגט צו איהר, א קוש זי געגעבען און געמורמעלט:

— איך וויים שוין אלעס...

— וואס? האט זי קוים געפרעגט.

ער האט זיך געווענדעט צו דער זייט, וואו די אקושערין האט געוויקעלט דאס קינד און געענטפערט:

„אט דאס איז דאס...“ דערביי האט ער א מאדנעם שמיי־כעל געגעבען.

און גלייך איז איהם אלץ קלאר געווארען...

# ער און יענער.

ווען זוסמאַן פלעגט אַמאָל פאַר זיך אַליין דורכבלעטערן דאָס אָבגעלעבטע לעבען, פלעגט ער דאָס רוב בלייבען צופריע־דען. קיין פערפלעקטע בלעטער האָט ער ביי'ן בלעטערן נישט געפונען. יעדער טאָג, יעדע וואָך, יעדער מאָנאַט האָט געהאַט אַ געוויסע קלאָהרקייט, און בכלל איז דאָס לעבען געווען אַ שעהנס און אַ ריינס, אָהן דעם מינסטען סקאַנדאַל, אָהן דעם מינדסטען שפור פון ערנידעריגונג.

און זוסמאַן איז געווען זיכער, אַז ס'איז ניטאָ קיין איין מענש, צווישען זיינע נאָהענטע, וואָס קענען איהם פערזענליך און צווישען די ווייטע וואָס האָבען זיין נאָמען בלויז געקענט פון זיין פילאָזאָפיש־עטישער טהעטיגקייט — וועלכע איז, איבֿ־ריגענס, געווען זעהר בעשיידען, — וואָס זאָל רעדען וועגען איהם אַ שלעכט וואָרט. זוסמאַן האָט דאָס גאַנצע לעבען זיינס זיך געהיט פון שלעכטס.

עס זיינען געווען צייטען, ווען די נויט, מאַנגעל און אַמאָל הונגער האָבען איהם געדריקט און געבויגען ביז צו דער ערד. איבערהויפט אין די ערשטע יאָהרען, ווען ער האָט אָנגעהויבען צו שאַפען, אָבער ער האָט זיך ניט געבויגען, קיין מאָל ניט דערצעהלט קיינעם פון די וואָכעדיגע קליינליכקייטען, ניט נאָר נישט געפאָדערט אויף פערשיעדענע אופנים, ווי עס וואָלט זיך געפאַסט לויט זיין טהעטיגקייט, נאָר אפילו קיין אָנצוהערעניש ניט געגעבען, אַז ער געפינט זיך מאַנכעס מאָל אין נויט.

וואָס אָנבעטרעפט פרויען, האָט ער קיינמאָל ניט געוואָלט געווינען אַ פרוי אַ דאַנק זיין נאָמען, וועלכער איז אין געוויסע קרייזען געווען שטאַרק געשעצט און זיי האָבען געזוכט זיין

פריינדשאַפט. שטענדיג בייגעשטאַנען דעם נסיון. עס זיינען געווען פעלע, ווען אַ יונג מיידעל פלעגט אַנצינדען זיין האַרץ, אָבער דער עטישער געפיהל האָט אימער גובר געווען און ער האָט זיך אַליין בעזיעגט, טראַכטענדיג:

— לאָם איך ניט האָבען אויף מיין געוויסען די אונשולד פון אַ שעהנער יונגער מיידעל.

---

אַזוי זיינען פערלאָפען פיעלע יאָהרען פון זיין ריינעם און שעהנעם לעבען. צופריעדען מיט זיך אַליין איז ער אַמאָל גע־זעסען ביי זיך אין בעשיידענעם צימער און זיך איבערגעגעבען זיינע קלאָהרע געדאַנקען. פּלוצים האָט אימיצער אַנגעקלאַפּט אין טהיר. ער האָט אויסגערופען: אַריין!

אויפ'ן שוועל האָט זיך בעוויעזען אַ מאַן אין איין עלטער מיט זוסמאַנען און האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַלס אַ לעזער און פערעהרער.

זוסמאַן האָט איהם פריינדליך אויסגעצויגען די האַנד און געבעטען זיצען.

דער אונבעקאַנטער איז געזעסען, בעטראַכט זוסמאַן'ען און זיך ווי געוואונדערט. און דערביי געשמייכעלט בעהאַלטע־נערהייד.

ענדליך, נאָך אַ קורצען, ניט־געבונדענעם געשפּרעך האָט דער אונבעקאַנטער זיך אַנגערופען:

— איך קוק אויף אייך, ה' זוסמאַן, און קען מיך נישט אָבוואונדערען: וויא אַזוי איהר האָט זיך געענדערט.

— וואָס הייסט? איהר האָט מיך דען געקענט פערזענ־ליך?

— אַ, געוויס! האָט דער אונבעקאַנטער אויסגעשריען! מיט פופצעהן יאָהר צוריק זייט איהר געווען ביי אונז אין שטאָדט... איך האָב אייך זעהר נאָהענט געקענט...

— ביי אייך אין שטאָדט?... האָט זוסמאַן זיך פאַר־חדושט פון יענעמס ווערטער — איך בין אין אייער שטאָדט אין מיין לעבען ניט געווען. איהר האָט א טעות, מיין ליעבער פריינד.

דאָ האָט דער אונבעקאַנטער א שמייכעל געטהאָן און זיך אנגערופען:

— מעגליך, אז אייך איז ניט אנגענעהם צו דערמאָהנען יענע צייט. זי איז זיכער ניט געווען די גליקליכע צייט פון אייער לעבען...

— איך פערשטעה אייך באמת נישט... איז זוסמאַן ער־שטוינט געוואָרען — איך פערזיכער אייך אז איך בין אין אייער שטאָדט קיינמאָל ניט געווען...

— אך! — האָט דער אונבעקאַנטער ווי שוין בייז ווע־רענדיג אויסגעשריען. איך אליין האָב דעמאָלט מיט אייך ארומ־געפיהרט זיך א גאַנצען מאָנאַט... איהר זענט געווען אין א זעהר קריטישער לאַגע...

— מיין הערר! איז זוסמאַן קעגען זיין כאַראַקטער בייז געוואָרען — איהר פערגעסט זיך! פון מיין קריטישער לאַגע האָט קיינער קיינמאָל ניט געוואוסט... בפרט, אז אין אייער־שטאָדט בין איך קיינמאָל ניט געווען...

— נאָך ווי געווען... האָט יענער זיך געהאַלטען פעסט... איך האָב צונויפגענומען פאַר אייך ביי בעקאַנטע א געוויסע סומע, איהר זאָלט זיין אין שטאַנד אוועקפאָהרען... אבער איהר האָט, אנשטאַט אוועקצופאָהרען, דאָס געלד פאַרשווענדעט אויף א לייכטזיניג מיידעל און ווייעדער אונז געבעטען אז מיר זאָלען אייך העלפען... יאָ. איך געדענק עס גוט! עס איז געווען פונקט מיט פונפצעהן יאָהר צוריק!...

דער זיכערער טאָן פון דעם אונבעקאַנטען האָט ענדליך זוסמאַן'ען איבערראַשט. איז דאָס מעגליך, אז ער זאָל אויס־טראַכטען פון קאָפּ אזוינע זאַכען... עס מוז דעריין שטעקען עפּעס א מיספערשטענדניש...

— מיין הערר... אפשר האָט זיך ווער אויסגעגעבן פאַר מיר... איך בין דאָך אין אייער שטאָדט קיינמאָל ניט געווען... בעטראַכט זיך.

— הם.. האָט דער אומבעקאַנטער גענומען בעטראַכטען זוסמאַנען. עפּעס איז דאָ ווירקליך נישט גלאַט... דעמאָלט האָט איהר געהאַט שוואַרצערע אויגען...

— איהר מיינט יענער האָט געהאַט שוואַרצערע אויגען. איך האָב אימער די זעלבע אויגען געהאַט...

— הייסט עס, אַז דאָס האָט איינער זיך אויסגעגעבן פאַר אייך! איז ענדליך דעם אומבעקאַנטען קלאָהר געוואָרען.

— זיכער! האָט זוסמאַן בעשטעטיגט. איך בין אין אייער שטאָדט קיינמאָל ניט געווען.

— אָך, מיין גאָט, וואָס פאַר א העסליכער מענש יענער איז געווען... מיר זיינען פון איהם קוים פּטור געוואָרען.. האָט דער אומבעקאַנטער געזאָגט.

— א העסליכער מענש, זאָגט איהר? האָט זוסמאַן אויסגע־קרעכצט — און איהר האָט געמיינט, אַז דאָס בין איך, זוסמאַן...

— ניט נאָר איך, מיר אַלע... פופצעהן יאָהר לעבען מיר אונטער דעם איינדרוק, אַז איהר האָט זעהר ניט שעהן זיך בענאָמען ביי אונז אין שטאָדט... ענדליך פרעהט מיר וואָס דאָס זיינט איהר ניט א י ה ר געווען... אַז אַנדערער... עס פרעהט מיך ווירקליך! — האָט דער אומבעקאַנטער געזאָגט נאָך אַמאָל פאַר'ן געזעגענען זיך און איז נאָך דעם, ווי ער האָט זיך ענטשולדיגט — אַרויס.

* * *

זוסמאַן איז געבליבען אַליין. די ענטדעקונג, וואָס דער אומבעקאַנטער האָט איהם געמאַכט, האָט איהם אין גאַנצען אויפגעטרייסעלט. עס האָט ניט געהאָלפען זיין גאַנצער קאַמפף געגען שלעכטס און זינד. דאָס וואָס ער האָט פיעל מאָל געוואָלט

בענעהן און איז ניט בעגאנגען, האט עס מיט אזא גרינגען גע־מיטה געטהאן אז אנדערער אויף זיין נאמען... הייגט וואס איז דער חילוק?

און ווער ווייס — האט ער זיך ווידער געגריבעלט — צו לעבט נאך ערגעץ ניט דער מענש אין אנדערע שטעדט, לענדער און וועלט־טהיילען און טהוט אויף זיין נאמען די ערגסטע זא־כען, אין דער צייט, וואס ער אליין קעמפפט שטענדיג מיט'ן יצר הרע און קומט אפ. ווען ער, זוסמאן, ליידעט אמאל די גרעסטע נויטה, אבי זיין שטאלץ זאל ניט געבראכען ווערען, לעבט יענער געמיינער קערל אין רחבות; אין דער צייט, וואס ער אליין האלט זיך אפ אנריהרען מיט א פינגער א פרויען־געזיכט, פראוועט דארט יענער די ווילדעסטע ארגיען...

— מיין גאט! — האט זוסמאן ענדליך פון א גרויסע וועה־טאג אויסגעשריען — עס איז דאך אונמעגליך ווייטער אזוי צו לעבען. די זינד, וואס איך טהו קיינמאל ניט, טהוט פאר מיר אן אנדערער.. הייסט עס, אז מיין גאנצע האלטען זיך אין די צוואנגען פון מאראל און עטישע לעהרען איז געווען אומזיסט... עס איז דא א יענער, וועלכער טהוט עס פאר מיר, אויף מיין נאמען סיי ווי סיי...

און זוסמאן האט ענדליך זיך איבערצייגט אז קוים איז דא זינד אויף דער וועלט איז אונמעגליך צו לעבען שעהן, ווייל ער און יענער איז איינס און דאס זעלבע...

# די האנד.

אויב ביי אלע געשפרעכען ביי אמאליגע מענשען פלעגט מען ענדליך ארויפגעהן אויף דער טעמע פון טויט, איז מען אין דעם קרייז פון די עטליכע יונגע לייט, וואס פלעגען זיך אפט צו־זאמענטרעפען, דוקא אנשטאט אויפ'ן טויט ארויפגעקומען אויף דער ליעבע.

צי דער געשפרעך איז געווען וועגען ליטעראטור, צי וועגען מאלעריי, צי וועגען פאליטיק, פלעגט שוין דער געשפרעך ווי פון זיך אליין — ארויפגעשלעפט ווערען וועגען ליעבע.

דאס איז געווען א קרייז פון אינטעלעקטועל־ענטוויקעלטע יונגע לייט, א פאר צווישען זיי מיט בעדייטענדע ערפאהרונגען אין לעבען און איבערהויפט טאקע אין דער ליעבע. איינער פון די פאר איז געווען אזוי צו זאגען, א גליקליכער, וואס אנבע־טרעפט ליעבע זאכען. וועגען זיינע ליעבע־אוואנטיורען זיינען אומגעגאנגען לעגענדען און כאטש א סך האט מען וועגען איהם איבערגעטריבען, האט דאך דער דאזיגער, ווירקליך אינטערע־סאנטער יונגער מאן מיט בלויע, פער־חלום'טע אויגען, כאטש מיט א שארפען און דורכדרינגליכען בליק, — פיעל שעהנעס און אינטערעסאנטעס דורכגעמאכט און איז נאך געווען אין פולער קראפט נאך שענערעס און אינטערעסאנטערעס דורכצומאכען.

צו זיינע עפיזאדען פלעגט מען זיך דערפאר צוהערען מיט מעהר אויפמערקזאמקייט. דאס ווערט דא בעמערקט דערפאר, ווייל דער דאזיגער קרייז פון יונגע לייט איז בעשטאנען פון העכסט אימפולסיווע כאראקטערען, און ניט אזוי לייכט פלעגט וועמען אנקומען צו דערצעהלען ביז'ן סוף א וואסער עס איז פאקט, אז א צווייטער זאל איהם ניט וועלען איבערשלאגען

מיט נאָך אַ מעהר אינטערעסאַנטערען. ווען אַבער ער פּלעגט אָנהויבען צו דערצעהלען פּלעגט מען איהם נאָך די ערשטע דריי פראַזען, שוין אויסהערען מיט פערכאַפּטע אָטעמס.

די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט איז איהם געשענקט געוואָרען, ווען דער קרייז פון יונגע לייט איז ביי אַ געוויסען געשפּרעך אַרויפגעקומען אויף דער טעמע פון פרויען־שענקייט.

— אויף שעהנקייט — האָט דאַן דער „ערפאַהרענער“ אָנגעהויבען, און אַלע זיינען שוין שטיל געוואָרען — אויף שעהנקייט האָבען מיר אַ צו קאָנסערוואַטיווען בליק. דאָס ערשטע וואָס מיר שעצען אָב אין אַ פרוי איז אויגען. געוויס זיינען אויגען די הויפּט צוציהונגס־קראַפט פון אַ פרוי. אַבער מיר דאַרפען, פריינד, ניט פערגעסען, אַז אַ פרוי קען אַ מאָל האָבען דוקא ניט קיין בעזונדערע שעהנע אויגען און זאָל האָבען אַ רייץ, לאָמיר זאָגען מיט איהר שעהנער, ווייסער, הויכער האַלז. איך האָב מיך שוין אַמאָל פערליעבט אין אַ האַלז ביז איבער די אויערן. אַבער די שטאַרקסטע ליעבע מיינע איז געווען אין אַ האַנט, און וואַכענלאַנג האָב איך די דאָזיגע האַנט געליעבט מיט אַלע פיבערען פון מיין נשמה, נאָך איידער איך האָב די פרוי אינגאַנצען געזעהן.

געוואוינט האָב איך דעמאָלט אין אַ צימער, וואָס די פענסטער האָבען אַרויסגעקוקט צו אַ הויף. אין די הייסע זומערדיגע נעכט איז מיין בעט געשטאַנען נעבען פענסטער און אויפשטעהענדיג איינמאָל אין דער פריה און אַרויסקוקענדיג דורכ׳ן פענסטער צום הויף, זעהן ווי האַלט עס מיט דער זון — ווייל גראַד איז אין יענער צייט מיין טאַשען אוהר פערדאַרבען געוואָרען — האָב איך בעמערקט ווי אויפ׳ן אונטערשטען געזימס פון דעם אַפענעם פענסטער פון דעם ענטקעגענגעדיגען צימער איז אַראָבגעהאַנגען אַ האַנט. איך האָב מיך גלייך משוער געווען, אַז אויך אין יענעם צימער שטעהט ביים פענסטער אַ בעט און די האַנט געהערט צו דער שלאָפענדער פערזאָן, וועלכע האָט זיך

אודאי ערשט אויפגעכאַפּט און האָט די האנט ניט ווילענדיג אַראָבגעלאָזט דורכ׳ן פענסטער.

אָבער אַז איך האָב דעם צווייטען פריהמאָרגען אַרויסגעקוקט דורכ׳ן פענסטער, האָב איך די דאָזיגע האנט ווי־דער געזעהן. געווען איז זי שוין אַרויסגערוקט אביסעל מעהר, כמעט ביז׳ן עלענבויגען. דאָס מאָל האָט מיך די האנט שוין מעהר פעראינטערעסירט. איך האָב שוין געזעהן בעשיינפּערליך, אַז די האנט געהערט צו אַ פרוי. איך האָב מיך אַריבערגעבויגען איבער מיין פענסטער און אָנגעשטרענגט זיך צו כאַפּען די לי־ניען פון דער האנט. מיינע פריינד! דאָס איז געווען אַ מערק־ווירדיג שעהנע, געטאָקטע האנט. איך בין געווען זיכער אַז די דאָזיגע האנט געהערט צו אַ זעלטענער שעהנהייט. איך האָב מיך איינגעטרונקען מיט מיינע בליקען אין דער דאָזיגער האנט און לאַנג געקוקט. און בעמערקט האָב איך ווי די האנט ווערט אונטער מיינע בליקען ריהרעוודיגער. מאַנכעמאָל האָט די האנט גענומען פויקען מיט די ראָזעווע פינגער אויפ׳ן שטיקעל וואַנט, וואָס די אַראָבגעהאַנגענע פינגער האָבען פערכאַפּט.

איך האָב בעשלאָסען צו וואַרטען ביז די דאָזיגע איינענ־טימערין פון דער האנט וועט זיך אינגאַנצען אויפהויבען פון בעט און עס וועט מיר געלינגען זי צו זעהן אין איהר פּראַכט און שעהנהייט, לויט איהר האנט האָט פערשפּראָכען.

אָבער דאָס האָט מיר ווייט ניט געלונגען. אָבקוקענדיג לאַנגע מינוטען אויף דער האנט, פלעגט זי ענדליך פערשווינדען, איבער׳ן פענסטער פלעגט אַראָבגעלאָזט ווערען אַ טונקעלער פאָרהאַנג.

מיט מיין גאַנצער זיכערהייט, אַז די האנט געהערט צו אַ פרוי און צו אַ שעהנער פרוי, פלעג איך דאָך אָפּט זיך דערשרע־קען ביים געדאַנק, אַז ווער ווייס צו ווען די דאָזיגע האנט געהערט אין דער ווירקליכקייט. אפשר שלאָפט דאָרטען אין בעט גאָר אַ יונגער בחור׳ל, וועמענס האנט עס זעהט אויס אַזוי

ווייבליך און אפשר גאַר צו אַן עלטערער פרוי", וואָס עס איז איהר דאָס לעבען גוט געגאַנגען אַזוי, אַז איהר האַנט איז נאָך אַזוי יונג און פריש. ווער קען וויסען!

אָבער די אַלע השערות און צווייפלען האָבען ערשט טיעף געווירקט אויף מיר. דעם גאַנצען טאָג פלעג איך אומגעהן ווי אין חלום און האָב בלויז פאַר מיינע אויגען געזעהן די האַנט. אין דער פריה, ווי איך פלעג נאָר ערוואַכען פלעגט מיין ערשטע זאַך זיין: אַראָבבויגען זיך פון פענסטער און זעהן אויב די האַנט האָט זיך שוין בעוויזען אויף דעם געגענאיבערדיגען פענסטער.

און שטענדיג האָב איך זי געטראָפען אין דער זעלבער פאָזע. אַריינטרינקענדיג מיינע בליקען אין איהר, פלעגט זיך מיר דאַכטען, אַז די האַנט פיהלט, אַז מען בעאָבאַכטעט זי און זי פלעגט זיך דאַן פלייסען אויסצולעגען זיך שעהנער און גראַציעזער, ווי זי וואָלט אַן און פאַר זיך געווען אַ לעבעדיגע בעשעפעניש, וואָס וויל מיך פאַנגען מיט איהר רייץ...

אַזוי האָבען זיך געצויגען וואָכען, ניט קוקענדיג וואָס מיין ליעבע צו דער דאָזיגער האַנט איז אַלץ שטאַרקער געוואָרען, זיינען די שאַנסען אויסצוגעפינען וועמען די האַנט געהערט אַלץ שוואַכער געוואָרען. ווייל די פערזאָן אַליין צו וועמען די האַנט געהערט, איז אַזוי האַרטנעקיג און בעווייזט זיך ניט. ווי נאָר די האַנט פערשווינדט, לאָזט זיך אַראָב אויפ'ן פענסטער אַ טונקעלער פאָרהאַנג.

מאַנכע מאָל פלעג איך, נאָכדעם ווי איך פלעג אַראָבגעהן אין גאַס, זיך אוועקשטעלען נעבען הויז, וואו די האַנט האָט געוואוינט און פלעג שטעהן און היטען אַלע אַרויסגעהענדע פון הויז, אפשר וועל איך דערקענען צווישען זיי די האַנט.

אָבער פון הויז פלעגען זיך אַרויסלאָזען אַלע ווײַלע אַזוינע

אונאינטערעסאנטע מענשען: עלטערע פרויען, עלטערע מענער, קינדער און אמאל גרייז־גרויע מענשען. איינע א פרוי פון א יאהר זיבעציג מיט צוקנייטשטע, אדערדיגע הענט, פלעגט מיט דער הילף פון א אינגערער פרוי זיך אראבלאזען פון די שטיגען און אנידערזעצען זיך אויפ׳ן גאניקעל, פאר׳ן הויז. די דאזיגע אלטע פלעגט מיך אנקוקען מיט אזוינע מאדנע, פערדעכטיגע בליקען, אז מיר פלעגט זיך דאכטען, אז זי וויים מיין סוד און איך פלעג מוזען אבטרעטען פון הויז, ניט ערפאהרענדיג קיין שום שפור פון יענער האנט, וואס האט מיך אזוי געפאנגען.

אזוי האט זיך געצויגען ביז וואנען דער זומער איז פער־שוואונדען. דער הערבסט איז געקומען א קאלטער און א רעגענ־דיגער. מיין גוטע בעל־הבית׳טע האט זיך געזארגט פאר מיין גע־זונדהייט און האט מיין בעט אוועקגעטראגען פון פענסטער, איך זאל זיך ניט פערקיהלען... אויפשטעהענדיג אין דער פריה פלעג איך שוין מוזען אראבגעהן איינגאנצען פון בעט צוגעהן צום פענסטער, אויפמאכען איהם און זוכען מיט דארשטיגע בליקען יענע האנד. אבער די געגענאיבערדיגע פענסטער איז צוליעב דעם הערבסט, געווען פעסט פערמאכט און קיין האנד האט זיך שוין ניט בעוויזען. שפעטער האב איך דאס הויז אין גאנצען פערלאזט.

די האנט אבער. האב איך נאך אלץ ניט פערגעסען. און די גאנצע געשעהעניש האט ביי מיר אנגענומען עפעס א מין סימ־באלישען כאראקטער.

ווער וויים וואס פאר א צייכען די דאזיגע ארויסגעשטרעק־טע האנט האט מיר געגעבען. אפשר האט די דאזיגע מיידעל, וואס האט יענע שעהנע האנט בעזעסען, מיר געוואלט צייגען, אז אמת שטארק ליעבען קען מען נאר דאס אונבעוואוסטע און אונ־בעשטימטע. ווען איך וואלט איינמאל זי איינגאנצען געזעהן,

וואלט איך אבגעקומען מיט א לייכטען שמייכעל. איך צו איהר, זי צו מיר, שפעטער וואלטען מיר זיך צוגאנגען ווי מען צוגעהט זיך אפט אין אזעלכע פעלע. איהר האנט אבער האב איך אזוי לאנג געזוכט, און בעגעהרט, און עד היום זעה איך ווי זי איז ארויסגעהאנגען פון פענסטער, — א יונגע, ליעבע און ווינקענדיגע האנד.

# אינהאלט: